## וו. שעקספּיר

# קעניג ליר



אידיש
פון
דר. א. אייסען



1564—1616

לויט דעם פּאָרטרעט פון זשאָן טיילאָר,

**באַוואוסט אַלס דער „טשענדאָס" פּאָרטרעט.**

## פון זעלבן איבערזעצער זיינען דערשינען:

וו. שעקספּירס אַלע סאָנעטן
(1944)

25 לידער פון טאָמאַס מור
(1935)

25 לידער פון וואָלט וויטמאַן
(1934)

25 לידער פון ה. וו. לאָנגפעללאָ
(1933)

לאָרד בייראָנס — „קין“
(1932)

לאָרד טעניסאָנס — „ענאָך אַרדען“
(1930)

לאָרד בייראָנס — „די יידישע מעלאָדיעס“
(1928)

„די רובאַיאַט“ — פון אָמאַר כאַיאַם
(1926)

לאָרד בייראָנס — „דער געפאַנגענער פון שילאָן“
(1925)

## עס ווערן צוגעגרייט צום דרוק:

אַן אַנטאָלאָגיע פון די קלאַסישע ענגלישע דיכטער,
אַן אַנטאָלאָגיע פון די קלאַסישע אַמעריקאַנער דיכטער,
און דזשאָן מילטאָנס — „שמשון הגבור“.

# אַן עפנטלעכער דאַנק

איך וויל דאָ מיט דאַנק און טיפער אָנערקענונג דערמאָנען מיין ליבן פריינד דעם דיכטער און עסייאיסט מ ר ד כ י  י אָ פּ ע. אים קומט געוויס אַ גרויסן חלק פון מיין „עולם הבא" אין שייכות מיט מיין איבערזעצונג... פריינד יאָפּע האָט פולשטענדיק דורכגעלייענט מיין מאַנו-סקריפּט. אַליין אַ באַוואוסטער איבערזעצער און אַ געוואַל-דיקער בעל מדקדק אויפן וואָרט, האָט ער נישט דורכגעלאָזט קיין איין איינציקע שורה, וואָס איז אים געווען עטוואָס קשה. ער האָט שטרענג דורכגעפירט די בדיקה... אפילו מיט אונטערזוכן דעם אָריגינאַל, האַנט-אין-האַנט מיט מיין איבערזעצונג, ביז צום ריכטיקן תיקון...

פּאַראַלעל מיט אַט דער גייסטיגער הילף מצד מ. יאָפּע, קומט אויך גאָר אַ באַזונדערן דאַנק מיין זייער ליבן פריינד י ה ו ש ע  ג ר י נ ה אָ ף, וואָס האָט גרויסמוטיק אַרויסגעוויזן זיין פריינדלעכע הילף אויף אַן אַנדער אופן, כדי דאָס בוך זאָל וואָס גיכער דערשיינען און מיט דעם אַריינברענגען די שיינקייטן פון יפת אין די געצעלטן פון שם...

אַ באַזונדער האַרציקן דאַנק מיינע צוויי ליבע פריינט, שמחה לעוו און קאָלעגע דר. ש. סיימאָן פאַר איבערקוקן די סאַמע לעצטע „פּרופּ", פאַרן אַריינגעבן צום דרוק.

א. א.

# דעם שיינעם אָנדענק פון געאָרג בראַנדעס

איך דערלויב זיך צו געבן דאָ אַ גרויסן טייל פון דער אָפּהאַנדלונג פון געאָרג בראַנדעס, דעם באַרימטן יודיש־דענישן קריטיקער, וועגן שעקספּיר'ס „קעניג ליר" אַלס אריינפיר.

ג. בראַנדעס, וועלכער האָט באַהערשט די מוחות פון די בעסטע ליטעראַטור־קענער פון דעם 19־טן י"ה האָט אויך פאַרעפנטלעכט אַ באַזונדער בוך, אַ מייסטער־ווערק וועגן שעקספּיר.

אַגב איז כדאַי צו באַמערקן, אַז די יודישע ליטעראַטור איז לעצטנס באַרייכערט געוואָרן מיט אַן אינטערעסאַנטן בוך — „דאָס לעבן פון וויליאַם שעקספּיר". דאָס איז די ערשטע ביאָגראַפיע פון זום. שעקספּיר אין דער יודישער שפּראַך פון דעם באַוואוסטן שריפטשטעלער־שוישפּילער אברהם טייטעלבוים.

א. א.

# „קעניג ליר" — אַ וועלט־קאַטאַסטראָפע

פון געאָרג בראַנדעס

אין „קעניג ליר" האָט שעקספירס וויזיע דערגרונטעוועט די טיפעניש פון שרעק ביזן תהום, און ביים אָנבליק פון דעם אָפּגרונט, האָט זיין גייסט ניט אַרויסגעוויזן קיין שוואַכקייט, קיין אויגן־שווינדלעניש און קיין שום שרעק.

ווען מען טרעט־צו צו דער שוועל פון דעם דאָזיקן ווערק, כאַפּט אַרום אַ געפיל פון מורא און ערפורכט, ווי ביי דער שוועל פון דער סיסטינישער ביי־קירך, אין דעם וואַטיקאַן, מיט זיינע פרעסקאָס און געמעלן פון מיקל אַנדזשעלאָ. דער אונטערשייד איז, וואָס דאָ זיינען די ליידן שטאַרקער, דער יאָמער — ווילדער, די האַרמאָנישע שיינקייטן — מער.

אָטעלאָ איז געווען אַ גרויסאַרטיקע שטיק קאַמער־מוזיק, וואָס מען האָט געקאָנט גרינג און איינפאַך באַגרייפן, כאָטש זייער טיף־רירנד. קעניג ליר, אָבער, איז אַ סימפאָניע פון אַ גע־וואַלטיק־גרויסן אָרקעסטער. אַלע אינסטרומענטן פון גאַר דער וועלט קלינגען אָפּ אין אים, און יעדער אינסטרומענט האָט זיך אויך זיין אָפּשטעל דאָ און דאָרט.

קעניג ליר איז די גרעסטע שטיק אַרבעט, וואָס שעקספיר האָט זיך פאַרנומען. עס איז די ברייטסטע און ווייט־אַרומנעמענדיקסטע, עס שילדערט די גאַנצע שרעק און ליידן, וואָס קאָן אַרויסקומען פון דער באַציאונג צווישן אַ פאָטער און זיינע קינדער, אויסגעדריקט אין פינף אַקטן פון געוויינלעכער לענג.

קיין מאָדערנער דיכטער האָט ניט געוואַגט אויפצונעמען אַזאַ טעמע. אויך וואָלט זי קיינער נישט געקאָנט בייקומען. שעקספיר, אָבער, האָט עס געטאָן אָן שום אָנשטרענגונג, דורך דער קראַפט פון זיין איבערוועלטיקנדיקער מייסטערשאַפט, וואָס האָט אין שענסטן הויך פון זיין גייסטיקן אויפוואוקס, באַהערשט דאָס

גאַנצע מענטשלעכע לעבן. ער באַהאַנדלט זיין טעמע מיט גראַציע־זער קראַפט, וואָס באַלאַנגט צו גייסטיקער שלימות, און מיר באַקענען זיך, ווי מען זעט אין דער האַנדלונג, מיט אַ סך סצענעס פון אַזאַ מין שטאַרקן פּאַטאָס, וואָס ס׳דוכט זיך אונדז אויס, אַז מיר הערן דאָס זיפצן פון דער ליידנדיקער מענטשהייט, פּונקט ווי מיר הערן ביים ברעג ים דעם שטענדיקן ברויז און זיפצן פון די כוואַליעס.

אונטער וועלכע אומשטענדן האָט זיך שעקספּיר גענומען צו דער דאָזיקער טעמע? די דראַמע דערציילט עס אונדז אויף אַ זייער פּשוטן אופן. שעקספּיר איז דאַן געשטאַנען אויפן שיידוועג פון מענטשלעכן לעבן; ער איז דאַן אַלט געווען צוויי און פערציק יאָר; ער האָט נאָך געהאַט פאַר זיך צען יאָר צו לעבן, אָבער פון די דאָזיקע צען יאָר איז אים זיכער געבליבן ניט מער ווי זיבן יאָר פאַר אינטעלעקטועלער אַקטיוויטעט.

אין וואָס פאַר אַ גייסטיקן צושטאַנד האָט זיך שעקספּיר גענומען צו דער דאָזיקער אַרבעט? וואָס האָט געזאָטן אין זיין מח, וואָס האָט געזיפּצט אין זיין ברוסט, אין דער צייט ווען ער האָט זיך אָנגעטראָפן מיט דער דאָזיקער טעמע? די דראַמע דערציילט עס אונדז גאַנץ פּשוט. פון אַלע פאַרשיידענע פאָרמען פון רשעות, גראָבקייט און נידערטרעכטיקייט, מיט וועלכע דאָס לעבן האָט אים צוזאַמענגעבראַכט, פון אַלע שלעכטיקייטן און געמיינהייטן, וואָס פאַרביטערן די עקזיסטענץ פון דעם נאָבעלן סאָרט מענטשן, איינע פון די רשעות׳ן האָט אים איצט אויסגעזען די ערגסטע. זי האָט אַרויסגעשטאַרצט ווי די העסלעכסטע און מער רעבעלירנדיקע פון אַלע אַנדערע — אַ רשעות פון וועלכער, אָן שום ספק, ער אַליין איז אָפט געפאַלן אַ קרבן — און דאָס איז: א ו מ ד א ַ נ ק ב א ַ ר־ק י י ט. ער האָט ניט געזען קיין גרעסערע געמיינהייט, אַזוי ווייט פאַרשפּרייט.

ווען מען קאָן עס איינפאַלן צו צווייפלען, אַז ער, שעקספּיר, אויסערגעוויינלעך באַגאַבט פון דער נאַטור; ער, וועמעס עקזיסטענץ איז געווען ווי שעלי׳ס וואָלקן, אַ שטענדיקער געבער, אַן אייביקע ברכה, אַ כסדר׳דיק ברענגען „פרישן רעגן צו די דורשטיקע בלומען״ — ווען קאָן עס איינפאַלן צו צווייפלען, אַז אַזאַ מין געבער פון גרעסטער מאָס זאָל תמיד ווערן באַלוינט מיטן

שוואַרצסטן באַלוין פון אומדאַנקבאַרקייט? מיר זעען, צום ביי־שפּיל, ווי האַמלעט, צו יענער צייט שעקספּיר׳ס גרעסטע ווערק, איז אויפגענומען געוואָרן מיט באַלדיקע אַטאַקעס. שעקספּיר האָט דאַן זיין לעבן פאַרבראַכט אין דעם טעאַטער. מיר קאָנען זיך לייכט משער זיין, דאָרט וואו מיר ווייסן ניט פון קיין פאַקטן, ווי קאַמע־ראַדן, ווען ער האָט געלערנט און געהאָלפן; ביינע־פּאָעטן, וועלכע האָבן אים מקנא געווען און צו דערזעלבער צייט אים באַ־וואונדערט; אַקטיאָרן, ווען ער האָט דערצויגן און וועלכע האָבן אין אים געהאַט אַ גייסטיקן פאָטער; די עלטערע, ווען ער האָט געשטיצט; די יונגע, צו ווען ער האָט אַרויסגעוויזן פיל פריינט־שאַפט — ווי אָט־די אַלע טרייסלען זיך אָפּ פון אים, אָדער באַפאַלן אים. און יעדער נייערביישפּיל פון אומדאַנקבאַרקייט איז געווען אַ שרעקלעכער קלאַפּ פאַר זיין גייסטיקן לעבן.

יאָרן־לאַנג האָט ער געשוויגן און אונטערדריקט זיין געפיל פון באַליידיקונג, און עס געהאַלטן פאַרשלאָסן טיף אין זיין אייגן האַרץ. ער האָט אָבער פיינט געהאַט און פאַראַכטעט אומדאַנקבאַר־קייט, ווי איינע פון די ערגסטע רשעות׳ן אויף דער וועלט, ווייל דאָס פאַראָרימט און דערנידעריקט די נשמה.

ער איז זיכער ניט געווען פון יענע קינסטלער־נאַטורן, וואָס וואַרפן זיך מיט געלט, ווען זיי האָבן עס און טוען טובות מיט גוט־געמיטלעכער אומפּאַרזיכטיקייט. שעקספּיר איז געווען אַ פּע־איקער, ענערגישער געשעפטסמאַן, וועלכער האָט געשפּאָרט און געזאַמלט געלט, כדי צו געווינען אומאָפּהענגיקייט און צוריק־קריגן די פאַרלוירענע פאַרמעגנס פון זיין פאַמיליע. דאָך איז ער, צוליב דעם, ווי עס ווייזט אויס, געווען ניט ווייניקער אַ גוטער קאַמעראַד און אַ בעל־טובה אין פּראַקטישן און אין אינטעלעקטועלן לעבן.

שעקספּיר האָט געפילט, אַז אומדאַנקבאַרקייט האָט פאַר־אָרימט און דערנידעריקט זיין נשמה, ווייל דאָס האָט אים געמאַכט שווערער צו וועלן ווידער העלפן און געבן מיט ביידע הענט פון דעם קעניגלעכן אוצר פון זיין נאַטור, ווען ער איז שוין געווען אַזוי אָפּט אַנטוישט און אָפּגענאַרט, אפילו פון יענע, פאַר וועלכע ער האָט אַזוי פיל געטאָן, און אין וועלכע ער האָט אַזוי שטאַרק געגלויבט. ער האָט געפילט, אַז אויב עס עקזיסטירט וועלכע עס איז געמיינ־

הייט, וואָס האָט געקאָנט טרייבן איר קרבן צו פאַרצווייפלונג, צו משוגעת, איז עס געווען די רשעות פון שוואַרצער אומדאַנקבאַרקייט.

אין אַזאַ גייסטיקן צושטאַנד האָט עס שעקספּיר, ביים סוף פון דעם יאָר 1605, אָנגעפאַנגען זיין ווערק — „קעניג ליר".

* * *

איך שטעל מיר פאָר, אַז שעקספּיר האָט געמוזט, צוליב געווויינהייט, אַרבעטן אין דער פרי. די צעטיילונג פון דעם טאָג, צו יענער צייט, וואָלט עס אַזוי פון אים פאַרלאַנגט. עס גלויבט זיך אָבער קוים, אַז עס איז געווען אין די ליכטיקע פרימאָרגן־שטונדן, אָדער אַפילו דורך די בייטאָגיקע שטונדן, ווען שעקספּיר האָט באַגריפן די אידייע פון זיין „קעניג ליר". ניין, דאָס האָט געמוזט פּאַסירן אין אַ נאַכט פון שטורם און שרעק, איינע פון יענע נעכט, ווען אַ מענטש, זיצנדיק אין דער היים, ביים שרייב־טיש, טראַכט פון — די עלנטע און די אומגליקלעכע, וועלכע וואַנדערן אַרום אין דרויסנדיקער אָרימקייט דורך דער פינצטערניש פון דער נאַכט, דורך דעם וואָיענדיקן ווינט און דעם דורכווייקנדיקן רעגן — ווען דאָס יאָגן זיך פון שטורם איבער די דעכער פון די הייזער און זיין פּייפן אין די קוימענס הילכט אָפּ אין די אויערן, ווי די גרווילן פון אַגאָניע, ווי דער יאָמער פון דער גאַנצער אָרימקייט פון דער וועלט. אין אָט אַזאַ נאַכט זאָגט דער דיכטער מיט לירן (III־4):

„איר אָרימע, נאַקעטע, וואו איר זאָלט ניט זיין,
וואָס דולדן דעם שטורמדיקן, בייזן וועטער;
ווי זאָל עס אייער ניט־באַשיצטער קאָפּ,
דער הונגעריקער גוף, מיט שמאַטעס בלויז
באַדעקט, אייך שיצן פון אַזאַ מין שטורם?"

און ער מאַכט נאָך דעם קעניג זאָגן מער:

„איך האָב, אָ, ווייניק וואָס געדאַכט פון דעם!
נעם דיין רעצעפּט, בכבודיקער קעניג!
און פיל אַמאָל אויך דו, וואָס אָרימע פילן,
אַז דו זאָלסט שענקען זיי דיין איבערפלוס,
און ווייזן מער גערעכטיקייט די הימלען".

אין אַזאַ נאַכט איז די אידייע פון „ליר" געבוירן געוואָרן. שעקספּיר האָט אין ערגעץ ניט אַזוי געוויזן דאָס שלעכטע און דאָס גוטע, אין אַזאַ נאָענטער פּאָזיציע.

שעקספּיר האָט אין קיין אַנדער ווערק נישט געשילדערט גוטס און שלעכטס אין אַ... ־אָענטער קעגנגעזעצטקייט — גוטע און שלעכטע מענטשן אין אַזאַ דירעקטן צוזאַמענשטויס, איינער מיטן צווייטן; און אין ערגעץ נישט האָט ער מיט אַזאַ איבער־געלייגטקייט אויסגעמידן דעם געוויינלעכן און קאָנווענציאָנעלן אויסגאַנג פון דעם קאַמף — דער טריאומף פון דאָס גוטע. אין דער אַטמאָספערע ווישט דער בלינדער און בייזער שיקזאַל אָפּ די גוטע און די שלעכטע — ביידע גלייך.

אַלץ קאָנצענטרירט זיך אין דעם אָרימען, אַלטן, נאַרישן ליר, וואָס איז קעניג אין יעדן טראָפּן בלוט, און אויך אַזוי פיל מענטש־לעך. ליר איז אַ ליידנשאַפטלעכע נאַטור, אויפגערעגט, נערוועז, און אין זיין ערשטן אימפּולס איז ער גרייט צו רעאַגירן. ער איז אַזוי ליבלעך מיט זיין גאַנצער האַרץ און נשמה, אַז ער דערוועקט די שטאַרקע איבערגעבנקייט פון די בעסטע מענטשן אַרום אים; און ער איז אַזוי געשטעלט צו באַפעלן, און איז אַזוי איינגעוואוינט צו הערשן, אַז יעדן מאָמענט פעלט אים ממש אויס אָט־די קראַפט, וואָס ער האָט אויפגעגעבן, ווען ער איז געווען באַהערשט פון זיין קאַפּריז. פאַר אַ שטיקל צייט, אין אָנהויב פון דער טראַגעדיע, שטייט דער אַלטער מאַן גלייך; דערנאָך הויבט ער אָן צו בייגן זיך, און וואָס שוואַכער ער ווערט, אַלץ שווערער ווערט די משא וואָס עס ווערט אויף אים אַרויפגעלייגט, ביז ער זינקט ענדלעך פון זיין איבערגעלאָדנקייט. ער גייט אַוועק, טאַפּנדיק זיין וועג, מיט זיין צעשמעטערדיקן גורל אויף זיין מידער פּלייצע. באַלד ווערט אויסגעלאָשן דאָס ליכט פון זיין מוח און עס באַפאַלט אים אַ משוגעת.

שעקספּיר נעמט די דאָזיקע טעמע פון משוגעת און פּאַסט זי צו צו דריי כאַראַקטערן — ער צעטיילט זיי צווישן עדגאַר, איינער וואָס איז נייגעריק צו דינען אַ צוועק, נאַר רעדט אויף דער שפּראַך פון אמתער משוגעת; דער נאַר, דער צווייטער, וועלכער איז אַ פּראָפעסיאָנעלער לץ, און פאַרמאַסקירט די גע־זונטסטע, פּראַקטישע קלוגשאַפט דורך דעם אויסזען פון משוגעת;

און דער דריטער, דער קעניג אַליין, וואָס איז צעמישט און געריר‏ט דורך עדגאַר'ס משוגענע רייד — דער קעניג, וואָס איז משוגע פון עלנטקייט און ליידן.

אין דער צייט ווען די עלטערע טעכטער האָבן געירשנט און צו שטאַרק אין זיך אַנטוויקלט ליירס שלעכטע אייגנשאַפטן, האָט קאָרדעליא איבערגענומען אינגאַנצן די גוטסקייט פון זיין האַרצן; דאָך האָט ליר אויך איר איבערגעגעבן אַ געוויסן גראַד פון זיין עקשנות און שטאָלץ, און אַן דעם וואָלט נאַטירלעך ניט אַרויסגעקומען דער צוזאַמענשטויס. זיין סאַמע ערשטע פראַגע וואָס ער שטעלט איר אין ערשטן אַקט, ווי אויך אין איר ענטפער אויף זיין פראַגע, זעען מיר, פעלט אַביסל טאַקט. נאָר ווען די האַנדלונג אין דער דראַמע גייט־אָן, געפינען מיר אויס, אַז איר עקשנות ווערט ביסלעכווייז צעשמאָלצן; איר גאַנצער ווען ווייזט זיך אַרויס אין גוטסקייט און צויבער.

ווי רירנד עס איז די שטעלע, ווען קאָרדעליא טרעפט איר פאָטער, געריר‏ט פון זין, און זי באַהאַנדלט אים, דורך דער הילף פון מעדיצין, שלאָף און מוזיק, ביז ער געווינט צוריק אַביסל זיין געזונט. יעדע זאַך קומט דאָ פאַר אַזוי שיין, פונם ערשטן קוש אָן, ביזן סאַמע לעצטן וואָרט. ליר ווערט אַרויפגעפירט אויף דער בינע אין אַ שלאָפנדיקן צושטאַנד. דער דאָקטאָר הייסט, אַז מען זאָל שפילן שטילע מוזיק און קאָרדעליא רופט זיך אָפּ —

קאָרדעליא: אָ, ליבער פאָטער, מיין! אַ היילונג זאָלן
די ליפּן מיינע, ווינש איך, ברענגען איצט
פאַר דיר; און זאָל מיין קוש פאַרלינדערן
די טיפע לייד וואָס ס'האָבן די צוויי
שוועסטער
דיין עלטער דיר פאַרשאַפט!

קענט: גוטע, טייערע פּרינצעסין!

קאָרדעליא: ווען דו וואָלסט ניט געווען צו זיי אַ פאָטער
דאַן וואָלטן דיינע זילבער־האָר ביי זיי
אַרויסגערופן מיטלייד. צי איז דען
אַזאַ געזיכט גאָר צוגעפּאַסט געווען
צו קעמפן מיט די שטרייטנדיקע ווינטן?
— — — — — — — — —
— — — מיין פיינט'ס אַ הונט,
און ווען אַפילו ער וואָלט מיר געביסן
וואָלט יענע נאַכט געלעגן ביי מיין פייער.

**ליר וואַכט אויף און קאָרדעליאַ זאָגט צו אים:**

קאָרדעליאַ: ווי פילט מיין קעניגלעכער האַר?
ווי גייט עס אייער מאַיעסטעט?

ליר: ס'איז אומרעכט וואָס איר נעמט פון קבר מיך
אַרויס. דו ביזט אַ הימלישער גייסט; דאָך איך
איך בין געבונדן צו אַ פייער־ראָד,
אַזוי, אַז מיינע טרערן בריען ווי
צושמאָלצענער בליי.

**דערנאָך, קומט ער אַביסל צו זיך, פרעגט — וואו ער איז פריער געווען, און וואו ער איז איצט; ער וואונדערט זיך, וואָס ס'איז „שיינער טאָג־ליכט"; געדענקט וואָס ער האָט געליטן, און קאָרדעליאַ בעט זיך ביי אים:**

קאָרדעליאַ: אָ, קוקט אויף מיר, מיין האַר!
און הויבט אויף אייערע הענט צו בענטשן מיך.

(ליר קניט פאַר איר)
ניין, האַר, איר טאָרט ניט קניען.

**באַמערקט אַט־די לעצטע שורה: „ניין, איר טאָרט ניט קניען". די טראַגעדיע ענדיקט זיך מיט דעם, ווי ליר טרעט־אויף און טראָגט קאָרדעליאַן, אַ טויטע, אין זיינע אָרעמס. נאָך אַ ווילדן אויסברוך פון פיין, בעט ער, מען זאָל אים דערלאַנגען אַ שפיגל, אויסצופרובירן, צי זי לעבט נאָך. מ'גיט ליר'ן אַ פעדער, ער לאָזט אַרויס אַ געשריי פון פרייד — יאָ, עס באַוועגט זיך — זי לעבט נאָך! דערנאָך קוקט ער זיך אַרום און זעט, אַז ער האָט אַ טעות געמאַכט. ער הויבט אָן שעלטן, און דערנאָך קומט די ריזיקע, אויסגעצייכנטע באַמערקונג מיט איר כאַראַקטעריזאַציע:**

„עס איז שטענדיק דאָך געווען
איר שטימע זאַפטיק, צאַרט און מילד — אַ זאַך
גאָר טייער ביי דער פרוי."

**דערנאָך לאָזט דער פאַרשטעלטער „קענט" זיך דערקענען און ליר געפינט אויס, אַז די צוויי מערדערישע טעכטער זיינע זיינען טויט. אָבער, זיין פעאיקייט אויפצונעמען נייע איינדרוקן האָט זיך אָפּגעטאָן פון אים. ער פילט קיין אַנדער זאַך ניט, יוץ**

דעם טויט פון קאָרדעליאַ׳ן, און ענדיקט מיט דעם: „און מיין אָרים קינד האָט מען אויפגעהאָנגען! ניין, ניין, זי לעבט ניט!“ און ליר חלש׳ט און שטאַרבט.

און קענט בעט ביי די אַרומיקע:

קענט: אָ, פּייניקט ניט זיין גייסט, לאָזט אים אויסגיין!
עס האַסט אים דער, וואָס וויל דערלענגערן
זיין לעבן אויף דער דאָזיקער בייזער וועלט.

דער פאַרלוסט פון אַ „קאָרדעליאַ“ — דאָס איז די גרויסע קאַטאַסטראָפע. מיר אַלע פאַרלירן, אָדער לעבן אין שרעק צו פאַרלירן — אונדזער קאָרדעליאַ. דער פאַרלוסט פון דאָס טייערסטע און דאָס בעסטע, דאָס איינציקע וואָס מאַכט, אַז עס זאָל ווערט זיין צו לעבן — דאָס איז די טראַגעדיע פון לעבן. דעריבער פרעגט זיך די פראַגע: איז דאָס דער סוף פון דער וועלט? יאָ, עס איז. יעדער איינער פון אונדז פאַרמאָגט בלויז זיין וועלט, און לעבט אין שרעק פון צעשטערונג, וואָס הענגט איבער זיין קאָפּ. און אין דעם יאָר 1606 איז שעקספּיר געווען אין דער שטימונג צו שרייבן נישט קיין אַנדערע דראַמעס, נאָר אַזעלכע וואָס באַהאַנדלען דעם אונטערגאַנג פון וועלטן.

ווייל עס זעט אויס, אַז עס קומט אַ סוף צו אַלצדינג, ווען מיר זעען דעם אונטערגאַנג פון דער מאָראַלישער וועלט; ווען דער, וואָס איז איידל און טרויענסווערט ווי ליר, ווערט באַלוינט מיט אומדאַנקבאַרקייט און האַס; ווען דער, וואָס איז ערלעך און בראַוו, ווי קענט, ווערט באַשטראָפט מיט אומ־כבוד; ווען דער, וואָס איז אַ בעל־רחמנות, ווי גלאָסטער, ער, וואָס נעמט אַריין דעם ליידנדיקן און באַליידיקטן הינטער זיין דאַך, פאַרלירטביידע אויגן זיינע, אַלס באַלוינונג; ווען דער, וואָס איז נאָבל און גע־טריי, ווי עדגאַר, מוז אַרומוואַנדערן אין דעם אויסזען פון אַ מאַ־ניאַק, מיט שמאַטעס אַרום זיינע לענדן; ווען, ענדלעך, זי, וואָס איז דער לעבעדיקער עמבלעם פון פרויען־שטאָלץ און פון געטרייער צאַרטקייט צו איר אַלטן פאָטער, וועלכער איז פון איר געצערטלט געוואָרן, ווי אַ קינד — זי באַגעגנט איר טויט פאַר די אויגן פון זיינע מערדער! וואָס ניצט עס, וואָס די שולדיקע הרגנען און פאַר־סמ׳ען איינער דעם אַנדערן צום סאַמע סוף! דאָס פאַרמינערט

ניט די קאָלאָסאַלע טראַגעדיע פון מענטשלעכן לעבן; עס קלינגט פון דעם אָפּ אַ כאָר פון ליידנשאַפטלעכע, שפּאָטנדיקע, ווילד־גאַרנדיקע און פאַרצווייפלט־קלאָגעדיקע שטימען.

זיצנדיק ביי זיין קאַמין־פייער ביינאַכט, האָט שעקספּיר זיי געהערט אין דעם פייפן פון דעם שטורם אין זיינע שויבן, אין דעם וואָיען פון דעם ווינט אין קוימען — ער האָט פאַרנומען אָט־די אַלע שרעקלעכע שטימען, וועלכע האָבן זיך אַזוי צונויפגעמישט איינס מיטן אַנדערן, ווי אין אַ כאָר, און ער האָט אין זיי דערהערט דאָס פיינלעך געשריי פון דער ליידנדיקער מענטשהייט.

# סינאָפּסיס

## ערשטער אַקט

קעניג ליר פון בריטאַניע, פילנדיק אַז די זאָרגן פון לאַנד זיינען צו שווער פאַר זיינע יאָרן, באַשטימט צו צעטיילן זיין קעניגרייך צווישן זיינע דריי טעכטער, מיט אַ תנאי, אַז יעדערערס חלק הענגט אָפּ אָן דער שטאַרקייט פון איר ליבע צו אים. ער פרעגט יעדע איינע באַזונדער ווי שטאַרק זי ליבט אים. די צוויי עלטערע טעכטער, גאַנעריל און רעגאַן, דערקלערן, אַז זייער ליבע איז אַזוי גרויס, אַז זיי קאָנען זי גאָר ניט אויסדריקן, און קיין אַנדער פרייד פאַרמאָגן זיי ניט אויסער אין דער ליבע צו אים. ליר גיט אָפּ יעדער איינער פון זיי, צוזאַמען מיט איר מאַן, אַ דריטל פון זיין קעניגרייך. די יינגסטע טאָכטער, קאָרדעליאַ, געקרענקט פון אירע שוועסטערס היפּאָקריטסטווע, ענטפערט אים: „איך קען גאָר נישט אויסדריקן מיין געפיל מיט ווערטער; איך ליב אייך, אייער מאַיעסטעט, אַלס קינד, ניט מער, ניט ווייניקער.” דער צאָרנדיקער ליר צעטיילט דאָס דריטל, וואָס ער האָט געצאָלט האַלטן פאַר איר, צווישן אירע צוויי שוועסטער. דער גראַף קענט, פאַר אַריינמישן זיך לטובת קאָרדעליאַ, ווערט פאַרשיקט. דער גראַף פון בורגאַנדיע און דער קעניג פון פראַנקרייך האָבן לאַנג זיך שוין געשדכנט צו קאָרדעליאַ'ן; איצט איז זי אָן נדן, ציט זיך אָפּ דער גראַף פון בורגאַנדיע פון זיין שידוך, אָבער די ליבע פון דעם קעניג פון פראַנקרייך ווערט אָנגעצונדן און צעפלאַמט זיך שטאַרקער און ער נעמט זי מיט מיט זיך צו ווערן „די קעניגין פון אונז און אונזער שיינער פראַנקרייך”. קעניג ליר האָט איבערגעלאָזט פאַר זיך בלויז דעם נאָמען קעניג און אַ סוויטע פון אַ הונדערט ריטער, און ער דאַרף פאַרברענגען אַ חודש איבער אַ חודש אין די הויפן פון גאַנעריל און רעגאַן. גאָר גיך ווערן די טעכטער מיד פון זייער פאָטער און הייבן אָן אים אַרויסצוּווייזן מיסרעספּעקט. דער גראַף קענט קערט זיך אום אַ פאַרשטעלטער און ווערט לירס אַ באַדינער.

## צווייטער אַקט

די צוויי טעכטער פאַרקלענערן די צאָל פון זיינע באַדינער, זאָגן זיך אָפּ אים צו רעספּעקטירן, וואַרפן אַריין קענט׳ן אין קלאַמער־קלאָץ און פייניקן אים; און ענדלעך רעגן זיי דעם אַלטן ליר אַזוי אויף, אַז ער גייט אַוועק אין אָפענעם פעלד אַריין אין אַ מוראַדיקן שטורעם.

## דריטער אַקט

בלויז צוויי פון זיינע באַדינער גייען מיט אים: זיין הויפ־נאַר און קענט. זיי באַהאַלטן זיך פון שטורעם אין אַ הייל און טרעפן דאָרטן עדגאַר׳ן, דעם זון פון דעם גראַף פון גלאָסטער. זיין פאָטער האָט פון אים אַוועקגענומען די ליבע צוליב זיין ממזר־ברודער עדמונד. דעם קעניגס לײדן פירן אים אַראָפּ פון זינען. דער גראַף פון גלאָסטער האָט מיטלייד מיטן אַלטן קעניג, און פאָלגט אים נאָך, כדי אים צו העלפן. עדמונד דערציילט וועגן זיינע אויפטועכצן צו רעגאַן און גאָנעריל און דער גראַף פון קאָרנוואַל, דער ערשטערס מאַן, שטעכט אויס גלאָסטערס אויגן און וואַרפט אים אַרויס פון הויף, ער זאָל זיך גיין און געפינען זיין אייגענעם וועג.

## פערטער אַקט

גלאָסטער, וואַנדערנדיק איבערן פעלד, ווערט באַקענט און באַזאָרגט פון זיין זון עדגאַר, וועלכער זאָגט ניט אויס זיין פאָטער ווער ער איז. אין דער זעלבער צייט האָט קענט דערוויל מודיע געווען קאָרדעליאַ׳ן וועגן איר פאָטערס לאַגע און וועגן אַלץ וואָס קומט פאָר, און זי קומט אים צו־הילף מיט אַ פראַנצויזישער אַרמיי. מיטן דאָקטאָרס הילף און מיטלען וואָס זי האָט מיטגע־בראַכט, קומט ליר צוריק צו זיין פאַרשטאַנד.

## פינפטער אַקט

אין דעם קריג צווישן דער פראַנצויזישער און בריטישער אַרמיי, פאַרטרעט עדמונד גאָנערילס און רעגאַנס אַרמייען. קאָרדעליאַ ווערט נידערגעשלאָגן און זי און איר פאָטער ווערן

גענומען געפאנגען. גאנעריל, אין איר ליבע צו עדמונד'ן, סמ'ט רעגאַנען; אָבער נאָכדעם, ווי איר מיאוסע אויפפירונג ווערט אויפגעדעקט פון איר מאַן, נעמט זי זיך דאָס לעבן. עדגאר קלאָגט אָן עדמונד'ן אַז ער איז אַ פאררעטער און פארוואונדעט אים שטערבלעך אין קאמף. קאָרדעליא ווערט אויפגעהאנגען אין גע־פענקעניש און ליר שטאַרבט פון אַ צעבראָכן האַרץ.

# פערזאָנען:

ליר — קעניג פון בריטאַניע

פראַנצויזישער קעניג

בורגונדער הערצאָג

קאָרנוואַלער הערצאָג

הערצאָג אָלבאַני

גראַף קענט

גראַף גלאָסטער

עדגאַר — גלאָסטער'ס זון

עדמונד — גלאָסטער'ס אומגעזעצלעכער זון

קוראַן — הויף-באַדינער

אַן אַלטער — גלאָסטער'ס קנעכט

דאָקטאָר

ליר'ס הויף-נאַר

אָסוואַלד — גאנעריל'ס הויף-פירער

אָפיציר — אין דינסט ביי עדמונד'ן

אַדעלמאַן פון קאָרדעליא'ס סוויטע

אַ שליח

באַדינער ביי קאָרנוואַל'ן

גאנעריל }
רעגאַן } קעניג ליר'ס טעכטער
קאָרדעליא }

ריטער פון קעניג ליר'ס סוויטע, אָפיצירן,
שליחים, סאָלדאַטן און באַדינער

(די סצענע קומט פאָר אין גרויסבריטאַניע)

# ערשטער אַקט

## ערשטע סצענע

## קעניג ליר׳ס פּאַלאַץ

(עס קומען אַריין: קענט, גלאָסטער און עדמונד)

**קענט:** איך האָב געמיינט, אַז דעם קעניגס האַרץ איז מער גענייגט צום הערצאָג פון אַלבאַני, ווי צו קאָרנוואַלן.

**גלאָסטער:** עס האָט שטענדיק אויסגעזען אַזוי; אָבער איצט, ביי דער צעטיילונג פון דער מלוכה, זעט זיך ניט אַרויס וועלכן פון די צוויי הערצאָגן ער שעצט העכער; ווייל די צעטיילונג איז אַזוי גלייך, אַז די גענויסטע פאָרשונג קאָן נישט באַשטימען דעם קלענסטן אונטערשייד.

**קענט:** איז דאָס ניט אייער זון, מיין לאָרד?

**גלאָסטער:** זיין דערציאונג, מיין הער, איז מיר געפאַלן שווער צו לאַסט; מיין פּנים פלעגט זיך אַזוי אָפט רויטלען, ווען איך האָב באַדאַרפט צוגעבן, אַז ער איז מיינער, אָבער איצט שעם איך זיך נישט מער; — זעט איר אין דעם אומגערעכטיקייט?

**קענט:** איך קען עס עפּעס נים פאַרשטיין.

**גלאָסטער:** מיין הער, דעם יונגנמאַנס מוטער אָבער, האָט עס יאָ געקאָנט פאַרשטיין — אַ באַווייז, אַז זי האָט פאַרשווענגערט, און האָט זיך פאַרזאָרגט מיט אַ זון פאַר איר וויג, נאָך איידער זי האָט געהאַט אַ מאַן פאַר איר בעט. — איר האַלט עס פאַר אַ זינד?

**קענט:** איך האַלט ניט, אַז אַט די זינד האָט ניט באַדאַרפט פּאַסירן, ווען ס׳איז די פרוכט אַזוי געראָטן.

**גלאָסטער** אָבער, אָט האָב איך אַ זון, מיין הער, אַ געזעצ-

לעבן, אַ פּאָר יאָר עלטער פון דעם; כאָטש אָט דער אויסוואורף איז געקומען מיט חוצפּה אויף דער וועלט, נאָך איידער מ'האָט אים גערופן, דערפאַר איז זיין מו־טער געווען שיין. און ס'איז צוגעגאַנגען גאַנץ לעבעדיק ביים באַשאַפן אים. און דער ממזר מוז דאָך ווערן אָנער־קענט. — קאָנסטו דעם נאָבעלן עדעלמאַן, עדמונד?

**עדמונד:** ניין, מיין לאָרד.

**גלאָסטער:** מיין לאָרד קענט, האַלט אים פון היינט אָן און ווייטער, ווי מיין געשעצטן פריינט.

**עדמונד:** כ'וועל גרייט זיין דינען אייער גנעדיקייט.

**קענט:** איך קריג אייך ליב, און כ'וואָלט געוואָלט בעסער זיך מיט אייך באַקענען.

**עדמונד:** איך וועל זיך באַמיען צו פאַרדינען עס.

**גלאָסטער:** ער האָט ניין יאָר פאַרבראַכט אין דער פרעמד, און וועט אינגיכן ווידער אַהין אַוועק. דער קעניג קומט. (הינטער דער סצענע — אַ געשאַל פון סיגנאַלן. עס קומט אַריין איינער האַלטנדיק אַ קרוין. נאָך אים: קעניג ליר, קאָרנוואָל, רעגאַן, קאָרדעליאַ און באַדינער).

**ליר** (צו גלאָסטערן): פירט אַריין די הערן פון פראַנקרייך און בורגונד!

**גלאָסטער:** יאָ, מיין קעניג!
(גלאָסטער און עדמונד טרעטן אָפּ).

**ליר:** מיר וועלן דאָ דערווייל אייך איבערגעבן
אַזוינס וואָס איז נאָך ניט אינגאַנצן קלאָר.
גיט מיר די לאַנד־קאַרטע. — זייט וויסן אַז
מיר האָבן אונזער קעניגרייך צעטיילט
אויף דריי; און ס'איז ביי אונז באַשלאָסן פעסט
אַראָפּצוואַרפן די גאַנצע זאָרג און מי

פון אונזער עלטער, און באפרייען זיך —
פארטרויען זיי צו יינגערע כוחות, ווען
מיר פויזען, צו דעם קבר פריי פון יאך.
הערט מיך אוים, זון פון קארנוואל, און איר,
ניט ווייניקער באליבטער זון פון אלבאני,
מיר האבן א צוואה מיטצוטיילן
וועגן אונזערע טעכטערס נדנען, כדי
פארמיידן אין דער צוקונפט צאנקעריי.
די פרינצן בורגונד און פראנקרייך, קאנקורענטן
צו געווינען אונזער יינגסטער טאכטערס הארץ,
פארוויילן זיך מיט זייער שדכנען זיך
שוין לאנג דא, און זיי ווארטן אויף אן ענטפער.
נו, זאגט־זשע מיר, איר ליבע טעכטער, מיינע,
איצט, אז מיר ווערן פריי פון ביידע זאכן:
פון הערשאפט און פון זארג פון לאנד־באזיץ —
זאגט, — וועלכע פון אייך ביידן, ליבט מיך מער?
אז כ׳זאל דעם בעסטן חלק געבן דארט,
וואו ליבע האט איר העכסטע ווערט פארדינט.
גאנעריל, צוערשט־געבוירענע, רעד צוערשט!

**גאנעריל:** מיין פאטער, איך ליב
אייך מער ווי ווערטער קענען איבערגעבן;
מער ווי פון אויג אין קאפ און פרייהייט;
פיל מער ווי רייכקייט, זאכן פון אנטיק;
פון לעבן, חן, געזונטהייט, שיינקייט, רום;
פיל מער ווי ס׳האט א קינד אמאל געליבט,
ווי ס׳האט א פאטער ליבע ווען באקומען —
א ליבע וואס פארכאפט דעם אטעם און דאס לשון;
איך ליב אייך מער פון אלצדינג אין דער וועלט.

**קארדעליא** (צו זיך):

וואס זאל קארדעליא טאן? — ליבן און שווייגן.

**ליר** (ווייזנדיק אויף דער לאַנד־קאַרטע, — צו גאָנעריל):
פון אָט די גרענעצן, אויך פון דאָ ביז דאָרט,
מיט טונקעלע וועלדער און מיט פלאַך־לאַנד רייך,
מיט טייכן און מיט ווייט צעשפּרייטע פעלדער,
איז דיינס. פאַר דיר און פאַר אַלבאַני שטאַם
בלייבט אייביק עס. — וואָס זאָגט די צווייטע טאָכטער?
רעגאַן, די ווייב פון קאָרנוואָל, נו, רעד!

**רעגאַן:** איך בין פון זעלבן שטאָף, גראָד ווי מיין שוועסטער,
און האַלט זיך ווי איר גלייכן. מיין טרייע האַרץ
פילט, אַז עס דריקט מיין ליבע ריכטיק אויס;
נאָר עס דערזאָגט ניט וואָס איך וואָלט געוואָלט;
ווייל כ'האָב גאָר פיינט איעדע אַנדערע פרייד,
וואָס קוועלט אויך אין דעם האַרציקסטן געפיל;
איך פיל אין אייער קעניגלעכער ליבע
מיין העכסטן גליק.

**קאָרדעליאַ** (צו זיך):
דו אָרעמע קאָרדעליאַ! —
דאָך ניט אַזוי; ווייל איך בין זיכער, אַז
מיין ליבע איז פיל רייכער פון מיין שפּראַך.

**ליר** (צו רעגאַן):
צו דיר און דייניקע בלייבט, אַלס ירושה
אויף אייביק ס'צווייטע טייל פון שיינעם רייך,
אין רייכקייט, ווערט און גרויס, ניט ווייניקער
ווי גאָנעריל פאַרמאָגט. (צו קאָרדעליאַ) איצט, אונזער פרייד,
די יינגסטע ניט די גרינגסטע, נאָך וועמען
עס דורשטן אַזוי היים מיט גרויס באַגער
די עדללייט פון פראַנקרייך און פון בורגונד, —
קאָנסטו וואָס זאָגן צו געווינען ס'דריטל,
נאָך רייכער פון די שוועסטערס טיילן? — רעד!

**קאָרדעליאַ:** גאָרנישט, גנעדיקער האַר!

**ליר:** גאָרנישט?

**קאָרדעליאַ:** גאָרנישט.

**ליר:** פון נישט, קומט נישט אַרויס, רעד נאָכאַמאָל.

**קאָרדעליאַ:** אומגליקלעך ווי איך בין, איך קאָן מיין געפיל
ניט אויסדריקן דורך וואָרט; איך ליב אייך, האַר,
ווי ס'איז מיין פליכט, ניט מער, ניט ווייניקער.

**ליר:** ווי, ווי? — קאָרדעליאַ! — ענדער דיינע רייד!
ווען ניט, וועסטו פיל שעדיקן דיין גליק.

**קאָרדעליאַ:** מיין ליבער האַר,
אירט מיך געבוירן, דערצויגן און געליבט,
און איך צאָל אָפּ די פליכטן ווי עס קומט,
פאַרוואָס האָבן מיינע שוועסטער מענער, אויב
זיי ליבן אייך אַליין? ווער איך פאַרהייראַט,
קריגט דאָן מיין מאַן, צוזאַמען מיט מיין פליכט,
האַלב פון מיין טריישאַפט, ליבע און מיין זאָרג.
געווייס, איך וועל ניט חתונה האָבן ווי מיינע שוועסטער,
און כ'זאָל דעם פאָטער בלויז דאָן ליבן.

**ליר:** רעדסט פון דיין טיפן האַרץ אַזוי?

**קאָרדעליאַ:** יאָ, מיין ליבער האַר,

**ליר:** נאָך אַזוי יונג, און דאָך, אַזוי אומצערטלעך.

**קאָרדעליאַ:** נאָך יונג, מיין פאָטער, און דאָך, — אמתדיק.

**ליר:** נו, זאָל דיין אמת זיין שוין דיין נדן;
ווייל כ'שווער ביי די הייליקע שטראַלן פון דער זון,
ביים ברענענדיקן גיהנום און די נעכט,
ביי אַלע כוחות פון פלאַנעטן-קרייז,
דורך וועלכע מיר דאָ לעבן און פאַרגייען,
אַז כ'זאָג מיך אָפּ איצט פון מיין פאָטער-פליכט,

פון בלוט־פּריינטשאַפט און פון קרובהשאַפט,
און ווי אַ פרעמדע צו מיין האַרץ אין מיר
פאַרבלייב אויף אייביק איצט. דער ווילדער סקיט *)
אָדער דער, וואָס פרעסט די אייגענע קינדער אויף
צו זעטיקן זיין הונגער, זאָל נעענטער
ביים האַרץ מיר שטיין, מיט מיטלייד און מיט טרייסט,
איידער דו, מיין געוועזענע טאָכטער.

**קענט:** אָ, איידעלער מלך, —

**ליר:** שווייג, קענט!
ניט שטעל זיך צווישן דער שלאַנג און איר צאָרן!
זי איז געווען מיין ליבלינג; כ'האָב געטראַכט
זיך צו פאַרלאָזן אויף איר צערטלעכקייט.
אַוועק פון מיינע אויגן! זאָל מיין קבר
שוין געבן רו מיר, ווען איך נעם אַוועק
דאָ איצט מיין פאָטער־האַרץ פון איר. — נו, רופט
מיר פראַנקרייך! ווער איז דאָרט? רופט מיר בורגונד!
איר, קאָרנוואָל און אלבאַני, מיטן נדן
פון מיינע טעכטער, נעמט מיט, איר דריטל אויך —
זאָל שטאָלץ, וואָס זי רופט אמת, זיין איר מאַן!
אייךביידן דאָ באַקלייד איך מיט מיין מאַכט,
אין העכערקייט פון ראַנג, און פיינסטן גלאַנץ
פון מאַיעסטעט. וואָס מיך אַליין געהערט,
איז וועדליג, לויט דעם גאַנג פון די מאָנאַטן,
מיט הונדערט ריטער האַלטנדיק פאַר זיך,
מיט אייער הילף, וועט אונזער וואוינונג זיין
אַ מאָנאַט בלויז,ביי יעדערער פון אייך.
מיר וועלן אויפהאַלטן דעם נאָמען נאָר,
און בלויז דאָס ערנרעכט פון קעניגרייך;
די מאַכט, און איינקונפט און דאָס שטאַטס־געזעץ,

*) סקיט, אָדער סייטי: אַ באַרבאַרישער שבט אין אַזיע.

באַליבטע זין, איז אייערס. אַלס באַוויז
טיילט זיך מיט אַט־דער קרוין.

**קענט:** מעכטיקער ליר,
דעם וואָס כ'האָב שטענדיק אַלס מיין קעניג געערט,
געליבט ווי אַ פאָטער, און געדינט גאָר טריי,
פאַר אים געבעטן ווי פאַר מיין באַשיצער, —

**ליר:** דער בויגן איז געשפאַנט, אַוועק פון פייל!

**קענט:** נו, זאָל עס פאַלן, מעג אַפילו אויך
איר שפיץ מיין האַרץ דורכלעכערן! — זיי, קענט
גאַנץ איינפאַך, ווען ס'גייט ליר אַראָפּ פון זין.
וואָס טוסטו, אַלטער מאַן? *) — צי דענקסטו דען
אַז פליכט דאַרף ציטערן צו רעדן, ווען מאַכט
זיך בוקט צו חניפה? ערע איז געניייגט
צו אָפנהאַרציקייט, ווען מאַיעסטעט
באַנאַרישט זיך. האַלט אויף דיין הויכן שטאַנד,
און מיט דיין רואיקן באַטראַכטן זיך
האַלט אָפּ דיין שרעקלעכע אומזיניקייט.
דיין ייִנגסטע טאָכטער ליבט ניט ווייניקער דיך,
און ס'איז נישט גאָר אינגאַנצן פוסט דאָס האַרץ,
וואָס קלינגט נישט אָפּ מיט פאַלשן שוואַכן קלאַנג.

**ליר:** קענט, שווייג, — אויב ס'איז דאָס לעבן דיר נאָר ליב.

**קענט:** מיין לעבן האָט מיר שטענדיק בלויז געדינט
אַלס משכון קעגן דיינע פיינט; איך וואָלט
עס פאַר דיין זיכערקייט גאָר אָפּגעגעבן.

**ליר:** אַוועק פון מיינע אויגן!

**קענט:** זע בעסער, ליר; און לאָז מיך בלייבן נאָך
דער ריכטיקער ציל־פונקט פון דיין אויג.

*) ער זאָגט עס, ווען ער זעט ווי ליר כאַפּט זיין שווערד.

**ליר:** איך שווער איצט ביי אַפּאָלאָ!
(ער כאַפּט זיך צו זיין שווערד)

**קענט:** איך אויך, — שווער ביי אַפּאָלאָ! — מיין קעניג!
דו שווערסט זיך ביי די געטער גאָר אומזיסט!

**ליר:** אָ, שקלאַף! ניט-גלויביקער!

**אַלבאַני און קאָרנוואַל:** לאָזט אָפּ, באַרואיקט זיך, מיין לאָרד.

**קענט:** נו, טויט דיין דאָקטאָר און באַצאָל דיין לוין
פאַר גאָר דיין מיאוסן כעס און צאָרן.
ציִ צוריק דיין אורטייל, ווייל אויב ניט, ווי לאַנג
כ'וועל האָבן קראַפט צו כריפּען מיט מיין האַלז,
וועל איך דיר זאָגן, אַז דו האַנדלסט שלעכט.

**ליר:** הער אוים מיך, — דו, בונטאַר!
ביי דיין געטריישאַפט, — הער מיך אוים! — ווייל האָסט
געוואָלט, מיר זאָלן ברעכן אונזער וואָרט,
(און וואָס מיר האָבן קיינמאָל ניט געוואַגט),
און איינצושפּאַרן זיך מיט שטייפן שטאָלץ,
אין צווישן אונזער פּסק און אונזער מאַכט,
(וואָס דאַרף ניט דולדן אונזער בלוט און ראַנג)
זאָג איך, אַלס קעניג, איצט — דו נעם דיין לוין.
דו קריגסט פינף טעג כדי זיך מאַכן גרייט
מיט שוץ אַנטקעגן בייזקייט פון דער וועלט;
אויפן זעקסטן, קערסטו דיין פאַרהאַסטן רוקן
צום קעניגרייך; אויב, אויף דעם צענטן טאָג
בלייבט דיין פאַרטריבענער גוף אין אונזער לאַנד, —
דאַן טויט מען דיך. אַוועק. כ'שווער ביי יופּיטער, —
ס'וועט בלייבן ווי איך האָב געזאָגט!

**קענט:** ליר, זיי געזונט, איך וויים שוין וואָס דו מיינסט,
ס'לעבט פרייהייט דאָרט, און חרם — דאָ.
(צו קאָרדעליאַ).
די געטער זאָלן, יונגפרוי, שיצן דיך;

דענקסט ריכטיק, האָסט דאָס וואָרע וואָרט געזאָגט;
(צו רעגאַן און גאָנעריל)
ס'זאָלן אייערע רעדעס דורך טאַט באַוויזן ווערן,
אַז אייער ליבע וועט נאָך ברענגען גוטס. —
אַדיע, איר אַלע פירשטן! — קענט מוז גיין;
זיין לעבן גרינדן אין אַ נייעם לאַנד.
(ער גייט אַוועק)
(אַ טראָמפּייטער־שאַל — גלאָסטער קומט צוריק מיט פראַנקרייך, בורגונד און באַגלייטער).

**גלאָסטער:** דאָ זיינען פראַנקרייך און בורגונד, מיין האַר!

**ליר:** מיין הערצאָג פון בורגונד,
איך רעד צוערשט צו אייך, וואָס האָט מיט מיר,
מיטן קעניג, קאָנקורירט פאַר אונזער טאָכטער;
וואָס ווילסטו אַלס דעם מינדעסטן נדן, —
צי האָסטו זי אינגאַנצן מער ניט ליב?

**בורגונד:** דערהויבענער קעניג,
איך וויל ניט מער וויפיל איר האָט געבאָטן,
און איר וועט אויך ניט געבן ווייניקער.

**ליר:** מיין ווירדיקער פירשט בורגונד:
ווען זי איז אונז ליב געווען, איז זי עס ווערט
געווען; דאָך איצטער, איז איר פרייז געפאַלן.
אָט שטייט זי דאָרט; אויב עפּעס וואָס אין איר,
אין נישטיקן נפש, אָדער אַלץ אין איר,
און אונזער גאַנצער צאָרן נאָך דערצו,
און גאָרניט מער, נעמט שטאַרק נאָך אויס ביי אייך,
דאַן, — נעמט זי, זי געהערט צו אייך.

**בורגונד:** איך קאָן אייך גאָרניט ענטפערן.

**ליר:** ווילט איר, מיט אַלע אירע פעלערן,
אָן פריינט, און אָפּגעפרעמדט דורך אונזער האַס,

פאַרפלוכט פון אונז און אָפּגעשטויסן ווייט,
דורך אונזער שבועה — נעמען זי, אָדער לאָזן?

**בורגונד:** זייט מוחל מיר, מיין האַר, עס ענדיקט זיך
דער אויסוואַל מיט די אומשטענדן.

**ליר:** דאַן לאָזט זי, הער; ווייל ביי דער מאַכט, וואָס האָט
באַשאַפן מיך, זאָג איך אייך אַלץ וואָס זי
פאַרמאָגט. (צו פראַנקרייך), — אייך, גרויסער קעניג,
וואָלט איך ניט
געוואָלט אין אייער ליבע ווייט פאַרפירן,
אייך צו פאַרקנסן מיט דער וואָס איך האָב פיינט;
דעריבער בעט איך אייך צו אָפּווענדן
די נייגונג אייערע צו אַ בעסערן ציל,
אַנשטאָט אויף אַ באַשעפעניש, וואָס נאַטור
אַליין, פאַרשעמט זיך זי צו אָנערקענען.

**פראַנקרייך:** ס'איז זייער מאָדנע, אַז אָט די,
וואָס איז נאָר וואָס געווען אייער ליבלינג,
דער געגנשטאַנד פון אייער לויב-געזאַנג,
דער היילנדער באַלזאַם פון אייער עלטער,
דאָס בעסטע און דאָס טייערסטע, זאָל איצט,
אין איין מאָמענט, באַגיין אַ בייזע טאַט
און אָפּטאָן אַזאַ גרויס געגנאַד פון אייך!
געוויס, מוז אומנאַטירלעך זיין איר זינד;
אָדער די ליבשאַפט אייערע, מיט וואָס
איר רימט זיך שטאַרק, איז פאַלש און שטאַרק באַפלעקט;
אַזוי שטאַרק שלעכט פון איר צו דענקען, הייסט
אַ גלויבן, וואָס פאַרנונפט, אָן וואונדער, וועט
אין מיר ניט קאָנען איינפלאַנצן.

**קאָרדעליאַ:** דאָך בעט איך אייך, מיין פאָטער,
(אויב נאָר, ווייל ס'פעלט מיר יענע גלאַטע צונג
צו רעדן פאַלש, ווייל דאָס וואָס איך מיין ערנסט

טו איך נאָך איידער כ׳זאָג) — איר זאָלט באַווייזן,
אַז ס׳איז קיין שאַנד-פלעק ניט, קיין מאָרד, קיין זינד,
קיין מיאוסע טאַט, קיין ערנלאָזער שריט,
וואָס האָט געראַבט פון מיר גאָר אייער גנאַד;
נאָר, ווייל מיר פעלט, — דורך וואָס כ׳בין רייכער נאָך —
אַ שטענדיק-בעטנדיקע אויג, און אַזאַ צונג —
עס פרייט מיך וואָס כ׳האָב זיי ניט, כאָטש ווייל
דאָס פעלט מיר, פעלט מיר אייער ליבע אויך —

**ליר:** ס׳וואָלט בעסער שוין געווען
וואָלסט ניט געבוירן ווערן, איידער דו
זאָלסט ניט צופרידנשטעלן מיך פיל מער.

**פראַנקרייך:** און דאָס איז גאָר די גאַנצע שולד?
באַשיידנקייט אין דער נאַטור וואָס לאָזט
די טאַט גאַנץ אָפט ניט אויסגעדריקט, ווי זי
געזאָלט האָט זיין? — מיין הערצאָג פון בורגונד,
וואָס זאָגט איר צו דער ליידי? ליבע איז
קיין ליבע ניט, ווען זי ווערט אויסגעמישט
מיט זאַכן אָן אַ תוך. זאָגט, — ווילט איר זי?
זי איז אַליין אַ גאַנצענער נדן.

**בורגונד:** מעכטיקער ליר:
גיט בלויז דעם חלק וואָס איר האָט באַשטימט,
און דאַן נעם איך קאָרדעליאַן, ביי דער האַנט,
אַלס פירשטין פון בורגונד.

**ליר:** גאָרניט!
איך האָב געשוואוירן, און איך האַלט זיך פעסט.

**בורגונד:** דאַן טוט מיר לייד, וואָס אירט פאַרלוירן צוויי:
אַ פאָטער און אַ מאַן.

**קאָרדעליאַ:** געזונטערהייט, בורגונד!
ווי לאַנג זיין ליבע רעספעקטירט נאָר געלט,
וועל איך זיין ווייב ניט זיין.

**פראַנקרייך:** דו שיינע קאָרדעליאַ!
דו ביזט די רייכסטע כאָטש גאָר אָרים;
הויך־ווירדיק, שטאַרק־באַליבט כאָטש גאַנץ פאַרשטויסן!
איך נעם דיך, ליבסטע, ווי דו שטייסט און גייסט,
איך נעם געזעצלעך, וואָס מ׳וואַרפט אַוועק.
ווי מאָדנע, געטער! אַז מיין ליבע מוז,
טראָץ אָט־דער פּראָסטיקער באַגעגניש,
צעגליען זיך אין פלאַמענדן פאַרלאַנג!
דיין נדן־לאָזע טאָכטער, קעניג, וואָס
דו האָסט געלאָזן זי איצט צו מיין גורל,
איז קעניגין פון אונזער לאַנד.
עס קענען ניט די אַלע הערצאָגן
פון שטראָם־רייכן בורגונד אָפּקויפן גאָר
פון מיר מיין העכסטע און מיין טייערסטע.
קאָרדעליאַ, זאָג זיי אַדיע, און ווען
פאַרלירסט וואָס דאָ, קריגסט בעסערס פיל ביי מיר!

**ליר:** דו האָסט זי, פראַנקרייך, זאָל זי דיינע זיין;
ניין, זי איז שוין ניט מער מיין קינד, און וועל
שוין קיינמאָל איר באַגריסן. (צוקאָרדעליאַ) — גיי דערפאַר
אָן אונזער ליבע, אָן אונזער זיי־געזונט.
(צו בורגונד)
קומט, איידעלער פירשט, בורגונד!
(טראָמפּייטן־געשאַל. עס גייען אַוועק: ליר, בורגונד, קאָרנ־וואַל, אלבאני, גלאסטער און נאָכפאָלגער).

**פראַנקרייך** (צו קאָרדעליאַ):
געזעגן זיך מיט דיינע שוועסטער.

**קאָרדעליאַ:** די עדלשטיינער פון מיין טאַטן לאָזט
קאָרדעליאַ איבער אייך מיט טרערן.
איך קאָן אייך גוט, און ווי אַ שוועסטער, וויל
איך ניט די פעלערס אייערע באַווייזן.

גיט אַכטונג אויפן טאַטן, איך גיב אים אָפּ
צו אייער פולער צוגעזאָגטער טריישאַפט;
דאָך, אוי! — וואָלט איך געהאַט נאָר ביי אים חן,
כ'וואָלט אים באַזאָרגט מיט גאָר אַ בעסערן פּלאַץ.
נו, זייט-זשעביידע מיר געזונט!

רעגאַן: דו לערן אונז ניט וואָס מיר דאַרפן טאָן.

גאָנעריל: באַמי זיך בעסער שוין
דעם גראַף צופרידנשטעלן, וועלכער האָט
דיך אויפגענומען ווי דעם גליקס געשאַנק;
דו האָסט געהאָרכזאַמקייט פאַראַכט; און רעכט
פאַרדינסטו דאָס, וואָס האָסט אַליין געוואָלט.

קאָרדעליאַ: די צייט דעקט אויף וואָס כיטרעקייט פאַרדעקט;
ווער שולד פאַרדעקט — דער ווערט מיט שפּאָט פאַרלאַכט.
איך ווינטש אייך גליק!

פראַנקרייך: קום, ליבלעכע קאָרדעליאַ.
(פראַנקרייך און קאָרדעליאַ גייען אַוועק)

גאָנעריל: שוועסטער, איך האָב ניט ווייניק וואָס צו זאָגן, וואָס קער אונז ביידן אָן זייער שטאַרק. איך דענק, אַז אונזער פאָטער וועט אַוועק פון דאַנען, נאָך היינט ביינאַכט.

רעגאַן: יאָ, גאַנץ געוויס, און צו דיר;
דעם צווייטן חודש — צו אונז.

גאָנעריל: דו זעעסט ווי ס'איז זיין עלטער פול מיט ענדער-רונג; וואָס מיר האָבן שוין באַמערקט, איז געווען פון גרויס באַדייט. ער האָט שטענדיק ליב געהאַט די שוועסטער אונזערע צום שטאַרקסטן, און מיט וואָס פאַר אַ גרינג האַרץ, ער האָט זי פאַרשטויסן איצט, זעט אויס אומנאַטירלעך.

רעגאַן: עס איז די שוואַכקייט פון זיין עלטער; יע, ער האָט זיך ווייניק וואָס פון שטענדיק אָן געקאָנט.

**גאָנעריל:** אפילו אין זיין בעסטער, אין זיין קרעפטיקסטער צייט, איז ער געווען איבעראיילט; מוזן מיר דעריבער פון זיין עלטער איצט דערוואַרטן, ניט נאָר די אומפּאָלקאָמענקייט פון לאַנג שוין איינגעוואָרצלטער געוואוינהייט, נאָר אויסער דעם, אויך די אומבויגזאַמע האַרטנעקיקייט, וואָס די עלטערע און אויפרעגנדיקע יאָרן ברענגען מיט זיך מיט.

**רעגאַן:** אַזעלכע קאַפּריזנע אָנפאַלן וועלן מיר פון אים נאָך האָבן געניטונג, — ווי זיין פאַרטרייבן קענטן.

**גאָנעריל:** מ'קאָן נאָך צוגעבן צו דעם, די שיידונג צווישן אים און פראַנקרייך. איך בעט דיך, לאָמיר זיך צוזאַמענהאַלטן. אויב אונזער פאָטער זאָל נאָר אָנהאַלטן זיין אויטאָריטעט מיט אַזעלכע קאַפּריזן, וועט די לעצטע געשעעניש פון איבערגעבן אונז זיין מאַכט, פיל שאָדן טאָן.

**רעגאַן:** מיר וועלן וועגן דעם זיך נאָך באַטראַכטן.

**גאָנעריל:** עס מוז עטוואָס געטאָן ווערן, און אין סאַמע ערשטן ברען.

(זיי גייען אַוועק).

צווייטע סצענע

אַ זאַל אין דעם שלאָס פון גראַף גלאָסטער

(עדמונד קומט אַריין מיט אַ בריוו אין האַנט).

**עדמונד:** נאַטור, מיין געטין! איך בין צוגעבונדן
צו דיין געזעץ. פאַרוואָס קומט מיר צו ליידן
דאָס בייזע פון געוואוינהייטן, און דערלויבן
ציווילע געזעצן אויסצושליסן מיך, —
ווייל כ'בין פון ברודער יינגער מיט אַ צוועלף

צי פערצן חדשים ? — פאַרוואָס מיך שטעמפּלען ממזר ?
ווען אַלץ אין מיר, אַזויפיל האַרמאָנירט,
מיין קלוגשאַפט — אַזוי גרויס, מיין געשטאַלט — שיין,
ווי פון אַן ערלעכער פרויס געבורט ? — פאַרוואָס
אונז בראַנדמאַרקן מיט שאַנד ? ממזרים ? פאַלש ? —
זיי קריגן פיל מער קראַפט און ברענענדן גייסט
אין תאוהדיקער גנבה פון נאַטור,
ווי אין פאַרשימלטער, אַלטער, מידער בעט,
האַלב שלעפעריק האַלב וואַכעדיקערהייט,
באַשאַפן ווערט אַ וועלט מיט אידיאָטן !
דו כשורער עדגאַר ! — כ׳מוז דיין לאַנד באַזיצן.
דעם ממזר, עדמונד, האָט דער פאָטער ליב
ווי דעם געזעצלעכן. אַ שיין וואָרט „געזעצלעכן !"
נו, מיין געזעצלעכער, אויב דער בריוו קומט שנעל,
און מיין איינפאַל באַגליקט, וועט עדמונד דאַן,
דער ממזר, דעם כשרן איבערשטייגן.
כ׳ווער גרויס ; באַגליקט ! געטער שיצט די ממזרים !
(גלאָסטער קומט אַריין).

**גלאָסטער :** קענט איז פאַרשיקט ! און פראַנקרייך איז אַוועק
אין צאָרן ! און דער קעניג איז היינט ביינאַכט
אַוועק ! און אָפּגעגעבן זיין קרוין ! געלאָזט
בלויז אויף הוצאות ! דאָס אַלצדינג געטאָן
אין איין מאָמענט ! — עדמונד ! — וואָס טוט זיך איצט ?
וואָס האָסטו עפּעס נייס ?

**עדמונד :** קיין נייס ניט, — מיין לאָרד.
(באַהאַלטנדיק דעם בריוו).

**גלאָסטער :** פאַרוואָס פאַרשטעקסטו דאָרט דעם בריוו ?

**עדמונד :** איך ווייס קיין נייס ניט, מיין לאָרד.

**גלאָסטער :** פון וואָס פאַר אַ פּאַפּיר האָסטו געלייענט ?

**עדמונד :** ס׳איז גאָרניט, מיין לאָרד.

**גלאָסטער:** גאָרניט? — פֿאַרוואָס־זשע האָסטו עס מיט שרעק אַזוי גיך אַריינגעשטעקט אין קעשענע אַריין? גאָרניט, דאַרף ניט אַזאַ איילעניש זיך צו באַהאַלטן. — לאָז זען, לאָז. אויב ס'איז גאָרניט, — דאַן — דאַרף איך ניט קיין ברילן.

**עדמונד:** איך בעט אייך, הער, זייט מוחל. עס איז אַ בריוו פֿון מיין ברודער, און כ'האָב נאָך דעם בריוו, ניט אינ־גאַנצן דורכגעלייענט, און וויפֿיל איך האָב ביז איצט שוין געלייענט, געפֿין איך ניט דעם אינהאַלט פּאַסיק, אַז איר זאָלט אין דעם אַריינקוקן.

**גלאָסטער:** גיב מיר דעם בריוו, זאָג איך.

**עדמונד:** איר וועט זיך באַליידיקן, צי כ'וועל עס אייך געבן אָדער עס פֿון אייך באַהאַלטן. דער אינהאַלט, אויף וויפֿיל איך פֿאַרשטיי, איז צו טאַדלען.

**גלאָסטער:** לאָז זען, לאָז זען.

**עדמונד:** איך גלויב, פֿאַר מיין ברודערס וועגן, אַז ער האָט דעם בריוו געשריבן בלויז, כדי אויסצופּרובירן מיין אומ־שולדיקייט קעגן אייך.

**גלאָסטער** (לייענט):

„אָט די טאַקטיק פֿון אָפּגעבן כבוד עלטער, פֿאַרביטערט אונז די וועלט, און אונזערע בעסטע יאָרן. עס באַרויבט פֿון אונז דאָס גליק, ביז מיר ווערן אַלט, און מיר קאָנען דערפֿון מער ניט געניסן. איך הויב אָן איינצוזען, אַז פֿוילע און נאַרישע שקלאַפֿעריי, דורך דער אונטערדרי־קונג פֿון אַלטע טיראַנען, עקזיסטירט, ניט ווייל די טי־ראַניי האָט די מאַכט, נאָר ווייל מיר דולדן זי. — קום צו מיר, כדי איך זאָל קאָנען ריידן מיט דיר וועגן דעם. ווען אונזער פֿאָטער וואָלט איינגעשלאָפֿן, ביז איך וואָלט אים אויפֿגעוועקט, וואָלסטו אויף שטענדיק גענאָסן האַלב

פון זיין איינקונפט, און וואָלסט געווען דער ליבלינג פון
דיין ברודער.
עדגאַר״

וואָס? פאַרשווערונג? „וואָלט איינגעשלאָפן ביז איך וואָלט
אים אויפגעוועקט, וואָלסטו גענאָסן האַלב פון זיין איינ־
קונפט״ — מיין זונס, עדגארס האַנט, זאָל האָבן אַזוי גע־
שריבן — אַ האַרץ און אַ קאָפּ, אַזעלכעס אויסצוברייען!
— ווען האָסטו עס באַקומען? ווער האָט עס דיר גע־
בראַכט?

**עדמונד:** מ'האָט עס מיר ניט געבראַכט מיין לאָרד,—אין
דעם טאָקע, ליגט די כיטרעקייט. איך האָב עס געפונען
אַריינגעוואָרפן דורך דעם פענצטער פון מיין צימער.

**גלאָסטער:** דערקענסטו, אַז דאָס איז די האַנטשריפט פון
דיין ברודער?

**עדמונד:** וואָלט נאָר דער אינהאַלט געווען אַ גוטער, מיין
לאָרד, וואָלט איך געשוואוירן אַז עס איז זיינס. אָבער,
ווען איך זע וואָס דאָרטן טוט זיך, וויל איך שוין ליבערשט
גלויבן, אַז עס איז ניט זיינס.

**גלאָסטער:** עס איז זיין האַנטשריפט.

**עדמונד:** יע, ס'איז מיט זיין האַנט געשריבן, זיכער, מיין
לאָרד, אָבער איך האָף, אַז זיין האַרץ איז ווייט פונם אינ־
האַלט.

**גלאָסטער:** האָט ער דען פריער קיינמאָל ניט גערעדט מיט
דיר וועגן דעם דאָזיקן ענין?

**עדמונד:** קיינמאָל ניט, מיין לאָרד, דאָך האָב איך אים גע־
הערט גאָר אָפט באַהויפּטן, אַז ס'איז פּאַסיק, ווען די זין
ווערן רייף אין יאָרן און די פאָטערס זיינען שוין פאַרעל־
טערט און פאַרוועלקט, דאַן דאַרפן די עלטערן זיין אונטער
די זינס השגחה און די זין דאַרפן פאַרוואַלטן דעם פאַר־
מעגן.

**גלאָסטער:** אָ, נידערטרעכטיקער אינטריגאַנט וואָס ער איז! די זעלבע מיינונג זיינע איז אין בריוו! פּאַרהאַסטער, פּאַרדאָרבענער מענטש! אומנאַטירלעכער, אָפּשוילעכער, ברוטאַלער אינטריגאַנט! נאָך ערגער ווי ברוטאַל! גיי גלייך און זוך אים אויף; איך וועל אים איינצוימען. שמו־ציקער אויסוואורף! וואו איז ער?

**עדמונד:** איך ווייס ניט גאַנץ גענוי, מיין לאָרד. אויב איר וועט אַזוי גוט זיין און צוריקהאַלטן אייער צאָרן קעגן מיין ברודער ביז איר וועט קענען אַרויסקריגן די ריכטי־קע באַווייזן וועגן זיינע בייזע פּלענער, ערשט דאַן וועט איר גיין אויפן זיכערן וועג. וועט איר אָבער געברויכן גוואַלד און איילעניש קעגן אים, און מאַכן אַ טעות, דע־מאָלט וועט עס פאַרוואונדן אייער ערע, און צעפּליקן אין שטיקער דאָס געטרייע האַרץ פון אייער זון. איך וואָלט איינגעשטעלט מיין לעבן אין אַ וועט, אַז ער האָט עס געשריבן, כדי אויסצופּרובירן מיין איבערגעבנקייט צו אייך, מיין לאָרד, אָן וועלכע ס'איז אַנדערע געפערלעכע כוונות.

**גלאָסטער:** דו דענקסט אַזוי?

**עדמונד:** אויב אייער גנעדיקייט האַלט עס נאָר פאַר פּאַ־סיק, וועל איך אייך אויף אַן אָרט אַוועקשטעלן אין באַ־העלטעניש. איר וועט אונז הערן רעדן איבער דעם דאָזיקן ענין, און דאַן שוין אַלץ אַליין אויסגעפינען; און דאָס ניט אָפּגעלעגט. נאָך היינט אָוונט.

**גלאָסטער:** ער קען ניט זיין אַזאַ מין אוממענטש —

**עדמונד:** און איז עס ניט, געוויס.

**גלאָסטער:** קעגן זיין פאָטער, וואָס ליבט אים אַזוי צערט־לעך און מיטן גאַנצן האַרצן. הימל און ערד! עדמונד, זוך אים אויף! ברענג אונז צוזאַמען, איך בעט דיך. פיר אויס

די זאַך לויט דיין אייגענעם פאַרשטאַנד. איך וואָלט אַלצ־דינג מקריב געווען, כדי זיך צו האַלטן ביי מיין נויטיקן באַשלוס.

**עדמונד:** איך גיי אים גלייך שוין אויפזוכן, מיין לאָרד, און דורכפירן די זאַך, ווי איך וועל נאָר קאָנען, און איר וועט שוין אַליין אויסגעפינען.

**גלאָסטער:** די לעצטע ליקוי־חמה און ליקוי־לבנה זאָגן אונז ניט אָן קיין גוטע ניים; עס מעג אַפילו די וויסנשאַפט פון דער נאַטור עס אויסלייגן אַזוי אָדער אַנדערש; די נאַטור אָבער, פילט זיך געטריבן פון די ווירקונגען פון מענטשלעכן לעבן. ליבע ווערט אָפּגעקילט, פריינטשאַפט פאַלט אָפּ, ברידער צעשיידן זיך, און אין שטעט קומען פאָר אויפשטאַנדן, אין לענדער — אומאייניקייט; אין פּאַלאַצן — פאַרראַט; און דער בונד צווישן פאָטער און זון צע־ריסן. אָט דער אויסוואורף מיינער באַשטעטיקט דאָס פאַר־אויסזאָגן; דאָס איז זון קעגן פאָטער. דער קעניג קערט זיך אָפּ פון דעם נאַטירלעכן וועג; דאָ איז פאָטער קעגן קינד. מיר האָבן דאָס מאָדנעסטע פון אונזער צייט געזען; נאַרעריי, האַרצלאָזיקייט, פאַרראַט, און אַלע צעשטערנ־דע אומאָרדענונגען פאָלגן אונז נאָך ביזן קבר. זוך אויף דעם אינטריגאַנט, עדמונד; דו וועסט גאָרנישט אין דעם פאַרלירן. טו עס פאָרזיכטיק. און דער איידעלער, טריי־האַרציקער קענט, איז פאַרשיקט! זיין פאַרברעכן — ער־לעכקייט! ס'איז מאָדנע! —
(גייט אוועק).

**עדמונד:** דאָס איז די גרויסע נאַרישקייט פון דער וועלט, אַז ווען עס פעלט אונז גליק — אָפט דורך דער אומפאָר־זיכטיקייט פון אונזער אייגענער אויפפירונג — וואַרפן מיר אַרויף די שולד פון אונזערע אומגליקן אויף דער זון, אויף דער לבנה און די שטערן, גלייך ווי מיר וואָלטן גע־ווען אויסוואורפן דורך צוואַנג; נאַראָנים — דורך הימל־

שער דראַנג; שעלמעס, גנבים און פאַררעטער — דורך דער אויבערמאַכט פון די ספערן; שיכורים, ליגנער און פעלשער — דורך געצוואונגענער אָפּהענגיקייט פון פּלאַנעטישער איינפלוס; און אַל־דאָס שלעכטע וואָס מיר באַזיצן — דורך געטלעכער שולד; אַ וואונדערלעכער אויסוועג פאַר דעם בעל־תאווהניק, אַרויפצואוואַרפן די היציקע האַנדלונג פון זיין נאַטור אויף דעם באַראָט פון די שטערן! מיין פאָטער האָט זיך פאַראייניקט מיט מיין מוטער אונטערן דראַכן־עק, און מיין געבורט איז געפאַלן אונטער דער שיין פון שטערן אורסא מאַיאָר; און אַזוי פאַסירט עס, אַז איך מוז זיין גראָב און בעלי־תאווהדיק, — טפו! — איך וואָלט געווען דאָס וואָס איך בין, ווען אויך דער באַשיידנסטער שטערן אין דעם הימל־געוועלב וואָלט געפינקלט אויף מיין ממזר־וועג. (עדגאַר טרעט אויף) און אָט איז ער גראָד דאָ אין צייט, ווי די קאַטאַסטראָפע אין דער אַלטער קאָמעדיע. איך וועל שפּילן ווי אַ מעלאַנכאָליקער מיט אַ זיפץ ווי — טהאָמאַס פון בעדלאַם *) — אָ, די ליקוי־חמה און די ליקוי־לבנה, טוען אונז פאָראויסזאָגן די־אָ פאַנאַנדערטיילונגען! פאַ, סאָל, לאַ, מי —

**עדגאַר:** וואָס הערט זיך, ברודער עדמונד? אין וואָס פאַר אַן ערנסטער זאַך ביזטו עם אַזוי פאַרטיפט?

**עדמונד:** איך טראַכט, ברודער, איבער אַ פאָראויסזאָגונג וואָס איך האָב היינט געלייענט, און וואָס דאַרף פאָרקומען נאָך אָט דער דאָזיקער זון־און־לבנה־פאַרפינצטערונג.

**עדגאַר:** דו גיסט זיך אָפּ מיט אַזעלכע זאַכן?

**עדמונד:** איך פאַרזיכער דיר, אַז די ווירקונגען וואָס ער באַשרייבט, קומען לײדער פאַר אויף צו דער אמתן, ווי צום ביישפּיל, די אומנאַטירלעכקייט צווישן פאָטער און

*) טהאָמאַס פון בעדלאַם — אַ בעטלער פון בית לחם; אין בית לחם האָט זיך געפונען אַ גרויס משוגעים־הויז.

זון, טויט, הונגער, אויפלייזונגען פון אַלטע פריינטשאַפטן; שפּאַלטונגען אין דער מלוכה, דראָאונגען און פאַרשוועי־רונגען קעגן קעניג און אַדלליט, גרונטלאָזער מיסטרויען, פאַרשיקונג פון פריינט, צעלאָזנקייט פון מחנות־סאַלדאַטן, דאָס צעשטערונג פון פאַמיליען־לעבן, און מאַלע וואָס נאָך פאַר אַ זאַכן?

**עדגאַר:** זינט ווען באַלאַנגסטו צו דער אַסטראָנאָמישער סעקטע?

**עדמונד:** זאָג נאָר, ווען האָסטו מיין פאָטער לעצטנס גע־זען?

**עדגאַר:** נעכטן אָוונט.

**עדמונד:** האָסט מיט אים גערעדט?

**עדגאַר:** יאָ, גאַנצע צוויי שעה צייט.

**עמונד:** האָסטו זיך מיט אים געשיידט אויף אַ פריינט־לעכן אופן? האָסטו ניט באַמערקט קיין שום אומצופרידנ־קייט אין אים, אין וואָרט אָדער האַלטונג?

**עדגאַר:** קיין זאַך ניט.

**עדמונד:** טו נאָר אַ טראַכט, מיט וואָס דו האָסט אים גע־קאָנט באַליידיקן; און איך בעט דיך, ווייז זיך ניט פאַר אים, פאַר בלויז אַ שטיקל צייט, ביז ס'וועט אַ ביסל זיך אָפּקילן די היץ פון זיין צאָרן וואָס קאָכט איצט אַזוי שטאַרק אין אים, אַז עס וואָלט אים נישט געאַרט, וואָס עס זאָל מיט דיר זיך נישט מאַכן.

**עדגאַר:** אַ שווינדלער האָט מיר דאָ עפּעס אָפּגעטאָן אַ שפּיצל.

**עדמונד:** איך האָב טאַקע אַזוי מורא, ברודער; איך בעט דיך, מאַך אַ צופרידענע מינע, ביז דער אימפּעט פון זיין צאָרן וועט זיך אָפּטאָן אַ ביסל און, ווי געזאָגט, פאַרברענג אַ ווייל מיט מיר אין מיין צימער, וואו, איך וועל עס ריכ־

טיק איינאָרדענען, אַז דו זאָלסט קאָנען דעם פאָטער הערן רעדן. איך בעט דיך, גיי, דאָ איז אַ שליסל. און אויב דו גייסט אַרויס, דאַן גיי — באַוואָפנט.

**עדגאַר:** באַוואָפנט, — ברודער?

**עדמונד:** ברודער, איך גיב די בעסטע עצה דיר: גיי באַוואָפנט. איך בין נישט קיין ערלעכער, אויב איך וועל דיר זאָגן אַז מען פּלאַנעוועט עפּעס גוטס קעגן דיר. איך האָב דיר בלויז אָנגעוויזן אויף אַ מילדן אופן וואָס איך האָב געזען און געהערט; ס'איז גאָרניט ענלעך צו דערווירקלעכקייט און שרעקלעכקייט פון דער זאַך אַליין. איך בעט דיך — גיי.

**עדגאַר:** וועל איך אין גיכן פון דיר הערן?

**עדמונד:** איך וועל דיר דינען אין דעם דאָזיקן פאַל.
(עדגאַר גייט אַוועק)
אַ גלויביקער פאָטער! און אַן אײדעלער ברודער,
ווייט פון דעם אומרעכט, און פאַרדעכטיקט ניט;
אויף וועמענס נאַרישער אומשולדיקייט
עס רייטן מיינע אינטריגעס גאָר גרינג!
אויב ניט דורך געבורט, דאַן שאַפט מיר איינפאַל—לאַנד;
און וואָס מיר נוצט, דאָס גייט מיט מיר ביינאַנד.
(גייט אַוועק).

דריטע סצענע

אין דעם פּאַלאַץ פון דעם הערצאָג פון אַלבאַני.

(עס טרעטן אויף גאָנעריל און אסוואַלד, איר באַדינער)

**גאָנעריל:** האָט מיין פאָטער געשלאָגן מיין באַדינער, דערפאַר וואָס ער האָט באַליידיקט זיין לץ?

**אסוואַלד:** יאָ, מאַדאַם.

**גאנעריל:** ער שאַפט מיך ערגערניש דורך טאָג און נאַכט;
פלאַמט־אויף מיט אומרעכט יעדע שעה און ווייל,
וואָס מאַכט אונז אַלע שטוינען; כ׳דולד עס ניט.
זיינע ריטער זיינען פרעך, ער זידלט זיך
פאַר יעדער זאַך. ווען ער קומט צוריק פון יאַגד,
וויל איך מיט אים ניט רעדן; זאָג, כ׳בין קראַנק.
און ווען אַפילו ווערסט אים איגנאָרירן
איז זייער גוט, די שולד נעם איך אויף זיך.

**אסוואלד:** ער קומט, מאַדאַם. איך הער אים שוין.
(טראָמפּייטן־געשאַל).

**גאנעריל:** זייט נאכלעסיק צו אים וויפיל איר ווילט,
איר אַלע; כ׳וויל מען זאָל אויך רעדן פון דעם.
אויב אים געפעלט ניט, זאָל ער גיין צו דער שוועסטער,
אַט די וואָס האַלט אַזוי ווי איך; דערהויפּט
ניט לאָזן פירן זיך. דער אַלטער נאַר!
ער וויל נאָך אַלץ זיך האַלטן ביי דער מאַכט,
וואָס ערט אַוועקגעשענקט! יאָ, כ׳שווער ביים לעבן!
די אַלטע נאַרן ווערן קינדער אויפסניי;
מען דאַרף זיי צוימען מיט פיל דיסציפּלין,
ווען ס׳העלפט ניט מער מיט חניפה צי מיט גוטן,
געדענק, וואָס כ׳האָב געזאָגט.

**אסוואלד:** איך הער, מאַדאַם.

**גאנעריל:** איר זייט אויך צו די ריטער זיינע קאַלט;
מיך אַרט נישט וואָס עס וועט דורך דעם פּאַסירן.
און צו די אַנדערע דערציילט עס אויך.
כ׳וועל קריגן די געלעגנהייט געוויס,
פון דעם צו רעדן. איך וועל שרייבן צו
מיין שוועסטער גלייך, צו טאָן דאָס זעלביקע.
גרייט צו דעם מאָלצייט.
(זיי גייען אַוועק).

פערטע סצענע

(אַ זאַל אין זעלבן פּאַלאַץ פון אַלבאַני. קענט טרעט
אויף אַן איבערגעטאַנענער).

**קענט:** ווען כ׳קען נאָר באַרגן וואו אַן אַנדער טאָן
וואָס זאָל מיין שטים נאָר ענדערן, ווער אפשר דאַן
מיין גוטער ווילן דורכפירן אין פולער מאָס
דעם ציל, פאַר וועלכן איך האָב זיך פאַרשטעלט. —
נו, איצט, פאַרשיקטער קענט, אויב דו קאָנסט דינען
דעם וואָס פאַרמשפּט דיך, — וועט זיכער דאַן
דיין האַר, וועמען דו האָסט ליב, באַטראַכטן דיך,
אַז דו ביזט פאַסיק פאַר גאָר פילע זאַכן.
(יאַגד-האָרנס הינטער דער סצענע, עס טרעטן אויף:
ליר, ריטער און באַגלייטער).

**ליר:** לאָזט מיך קיין מינוט נישט וואַרטן אויפן עסן; גייט,
מאַכט עס גרייט. (איינער פון די באַדינער גייט אַרויס)
נו, ווער ביזטו?

**קענט:** אַ מענטש, מיין האַר.

**ליר:** ווילסט וואָס זאָגן? ווילסטו וואָס פון אונז?

**קענט:** איך זע אוים צו זיין ניט ווייניקער וואָס איך בין;
צו דינען טריי אַט דעם וואָס וועט מיר געטרויען; צו ליבן
דעם וואָס איז ערלעך; צו חברן זיך מיט דעם וואָס האָט
פאַרשטאַנד און רעדט ניט פיל; דעם גערעכטן משפּט
פאָלגן; צו שטרייטן ווען איך האָב קיין ברירה נישט;
און נישט עסן פיש ווען מ׳טאָר ניט.*)

**ליר:** ווער ביזטו?

*) דאָס הייסט צו זיין אַ פּראָטעסטאַנט; פּראָטעסטאַנטן פלעגן נישט
עסן פיש אין די טעג פון גיין אין קירך.

קענט: אַן אמתער ערלעכער יונג און אָרעם ווי דער קע־ניג.

ליר: אויב דו ביזט אַלס אונטערטאַן אַזוי אָרעם, ווי ער אַלס קעניג, דאַן ביזטו אָרים שוין גענוג. וואָס ווילסטו?

קענט: באַדינען אייך.

ליר: וועמען ווילסטו דינען?

קענט: אייך.

ליר: דו קענסט מיך, אַלטער?

קענט: ניין, האַר, איר האָט אָבער אַזוינס אין אייער וועזן וואָס איך וואָלט גערן אָנרופן מיין הויכווירדיקער האַר.

ליר: וואָס איז עס?

קענט: אויטאָריטעט.

ליר: וואָס קענסטו טאָן?

קענט: איך קען האַלטן אַן אָנפּאַרטרויטן סוד, רייטן, לויפן, קאַליע מאַכן אַ טשיקאַווע געשיכטע, ווען איך דערצייל זי, און אַן איינפאַכע שליחות האַמטענע דורכפירן. פאַר אַלץ וואָס געוויינלעכע מענטשן זיינען פאַסיק, פאַר דעם טויג איך; און דאָס בעסטע אין מיר איז — מיין פליי־סיקייט.

ליר: ווי אַלט ביזטו?

קענט: נישט אַזוי יונג, האַר, צו פאַרליבן זיך אין אַ מיידל פאַר איר זינגען און נישט אַזוי אַלט אין איר פאַרנאַרט צו זיין; איך טראָג אַכט און פערציק יאָר אויף מיינע פּלייצעס.

ליר: גיי מיר נאָך, דו וועסט מיר דינען; אויב דו געפעלסט מיר ניט ערגער נאָכן עסן, דאַן וועל איך זיך פון דיר ניט שיידן אַזוי גיך; — דאָס עסן, העי, דאָס עסן! וואו איז

מיין לץ? מיין נאַר? גיי, און רוף מיין לץ אַהער!
(אַ באַדינער גייט אַפּ, אַסוואַלד קומט אַריין).
העי, דו, העי, — וואו איז מיין טאָכטער?

**אַסוואַלד:** אַנטשולדיקט מיר. (ער גייט אַוועק).

**ליר:** וואָס זאָגט ער דאָרט דער יונגאַטש? רופ נאַר דעם דומקאָפּ צוריק. (אַ ריטער גייט אַוועק) וואו איז מיין לץ, הע? איך גלויב די וועלט איז איינגעשלאָפן.
(אַ ריטער קומט צוריק).
נו, איצט, וואו איז דער גאַסן־הונט?

**ריטער:** ער זאָגט, מיין האַר, אַז אייער טאָכטער איז עפּעס ניט מיט אַלעמען.

**ליר:** פאַרוואָס איז דער קנעכט ניט צוריקגעקומען צו מיר, ווען איך האָב אים גערופן?

**ריטער:** ער האָט מיר איינפאַך געענטפערט, אַז ער וויל ניט.

**ליר:** ער וויל ניט?

**ריטער:** מיין האַר, איך ווייס ניט וואָס עס קומט דאָ פאָר; דאָך לויט מיין מיינונג, באַגעגנט מען ניט מער אייער מאַיעסטעט מיט דער צערעמאָניעלער אויפמערקזאַמקייט, ווי מען פלעגט אַמאָל עס טאָן. עס מערקט זיך אַ שטאַרקע פאַרמינדערונג אין העפלעכקייט צו אייך פון דער אַלגעמיינער דינערשאַפט, ווי אויך פון דעם הערצאָג און פון אייער טאָכטער.

**ליר:** האַ? מיינסט אַזוי?

**ריטער:** איך בעט אייך, אַנטשולדיקט מיר, מיין האַר, אויב איך מאַך אַ טעות, ווייל מיין פליכט קען ניט שווייגן, ווען איך גלויב, אַז אייער כבוד ווערט באַליידיקט.

**ליר:** יאָ, דו דערמאָנסט מיר נאָר מיין אייגענעם איינדרוק. איך האָב די גאַנצע צייט באַמערקט אַ נאַכלעסיקייט, וואָס איך האָב גיכער געהאַלטן אַלס מיין אייגענע פאַר־דעכטיקע נייגעריקייט, איידער ווי אַן אמתן צייכן פון מוטוויליקער אומפריינדלעכקייט. איך וועל גענויער עס אונטערזוכן. אָבער וואו איז מיין לץ? איך האָב אים שוין ניט געזען פאַר צוויי טעג צייט.

**ריטער:** זינט די יונגע פירשטין איז אָפּגעפאָרן קיין פראַנק־רייך, גנעדיקער האַר, האָט זיך דער לץ פיל אויסגעצערט און זיך אויסגעבלאָסט.

**ליר:** גענוג זאָל זיין, איך האָב עס אויך אַליין באַמערקט. גייט און זאָגט מיין טאָכטער, אַז איך וויל מיט איר רעדן (אַ באַדינער גייט אַרויס) און דו, רוף מיך אַהער מיין לץ. (אַ צווייטער באַדינער גייט אַרויס. אסוואלד קומט צו־ריק אַריין).
אָ, מיין הער, קומט נעענטער דאָ אַהער, מיין הער. ווער בין איך?

**אסוואלד:** מיין פירשטינס פאָטער.

**ליר:** „מיין פירשטינס פאָטער"? מיין גראַפס קנעכט; דו הונט! דו שקלאַף! דו לומפּ!

**אסוואלד:** איך בין ניט ווי איר רופט מיך אָן, מיין האַר, איך בעט אייך זייט מיר מוחל.

**ליר:** דו וואַגסט נאָך קומען נאָענט מיר אין די אויגן, לומפּ. (ער שלאָגט אים).

**אסוואלד:** איך וועל מיך ניט לאָזן שלאָגן, מיין האַר.

**קענט:** אויך ניט אונטערשטעלן אַ פוס? דו נידערטרעכ־טיקער פוס־באַל־שפּילער! (שטעלט אים אונטער אַ פוס, אסוואלד פאַלט).

**ליר:** איך דאַנק דיר, יונג, דו דינסט מיר, און כ'וויל דיך ליב האָבן.

**קענט** (צו אסוואלדן): נו, פריינט, שטיי אויף, און טראָג זיך אָפּ! איך וויל דיך לערנען ווי צו אונטערשיידן זאַכן; טראָג זיך אָפּ, אויב אָבער דו ווילסט אויסמעסטן נאָך אַמאָל, דו דומקאָפּ, ווי לאַנג דו ביזט, — בלייב; נאָר בע־סער, צי אָפּ. אַוועק, אויב דו האָסט פאַרשטאַנד? — נו? —

(ער שטויסט אסוואלדן אַרויס).

**ליר:** איצט מיין פריינדלעכער געזעל, איך דאַנק דיר; דאָ איז האַנט־געלט פאַר דיין באַדינען מיר. (ליר גיט קענטן געלט. דער לץ קומט אַריין).

**דער לץ:** לאָזט מיר אויך אים דינגען; דאָ איז מיין מיץ. (ער באָט אָן קענטן זיין מיץ).

**ליר:** נו, איצט מיין טייער נאַרעלע, וואָס מאַכסטו?

**דער לץ:** פריינט, וואָלסט בעסער געטאָן, ווען דו וואָלסט מיין מיץ גענומען.

**קענט:** פאַרוואָס, נאַר?

**דער לץ:** פאַרוואָס? ווייל דו האַלטסט מיט איינעם, וואָס מען האָט ניט ליב. ניין, אויב דו קענסט ניט שמייכלען, וועדליק ווי דער ווינט בלאָזט, וועסטו גאָר אינגיכן זיך פאַרקילן. אָט האָסטו עס, נעם מיין היטל; זע, אָט דער מענטש האָט צוויי פון זיינע טעכטער פאַרשיקט, און דער דריטער האָט ער קעגן זיין ווילן זיין ברכה געגעבן; אויב דו פאָלגסט אים נאָך מוזטו מיין היטל טראָגן. ווי געפעלט עס דיר פעטערל? הלוואי וואָלט איך פאַרמאָגט צוויי מיצן און צוויי טעכטער! —

**ליר:** פאַרוואָס, מיין יונג?

**דער ליץ:** ווען איך וואָלט זיי אַוועקגעשענקט מיין גאַנצן האָב און גוטס, וואָלט איך מיינע מיצן געהאַלטן פאַר זיך. איך האָב מיינע; דו בעטל אוים פאַר דיר אַ צווייטע מיץ פון דיינע טעכטער.

**ליר:** זיי פאָרזיכטיק, הע, דו! — גיט מיר די בייטש!

**דער ליץ:** דער אמת איז אַ הונט, וואָס מוז אין ביידל ליגן, און מוז אַרויסגעבייטשט ווערן, בשעת מאַדאַם צויג קען זיך שטיין ביים פייער און שטינקען.

**ליר:** יאָ, אַ ביטערע אָנצוהערעניש פאַר מיר, אַ ביטערע פיל אַרונטערצושלינגען.

**דער ליץ** (צו קענטן): הער, פּריינט, כ'וועל דיך אויסלערנען אַ רעדע.

**ליר:** לאָמיך הערן.

**דער ליץ:** הער־זשע פעטערל!
האָב מער וויפיל דו ווייזט,
ניט זאָג אַלץ וואָס דו ווייסט,
האַלט מער וויפיל אַנטלייסט,
ניט גיי, נאָר רייט צומייסט,
באַרייכער בלויז דיין גייסט,
ניט ריזיקיר צו דרייסט;
לאָז מיידלעך און ווייַן
צו דיר ניט אַריין —
וועסט רייכער דאַן זיין
פון רייכסטן אַליין.

**קענט:** דאָס איז פּלוידעריי, נאַר.

**דער ליץ:** דאַן איז עס ווי דאָס וואָרט פון אַ ניט־באַצאָלטן אַדוואָקאַט. דו האָסט מיר גאָרנישט דערפאַר געגעבן. קענסטו דען אַ נוץ פון גאָרנישט מאַכן, פעטערל?

**ליר:** אָ, ניין, מיין יונג, פון נישט באַקומט מען נישט.

**דער לץ** (צו קענטן) : איך בעט דיך, זאָג אים, פּונקט אַזוי פיל איז די איינקונפט פון זיין לאַנד ; ער וועט דעם נאַר ניט גלויבן.

**ליר :** אַ ביטערער לץ.

**דער לץ :** ווייסטו דעם אונטערשייד, מיין יונג, צווישן אַ ביטערן לץ און אַ זיסן לץ ?

**ליר :** ניין, מיין יונג, לערן מיך.

**דער לץ :** דער וואָס האָט דיך גערעטן
דיין לאַנד אַוועקצוגעבן,
נעם שטעל אים דאָ ביי מיר,
און דו — אים נאָענט דערנעבן.
דער זיסער און ביטערער נאַר
ווייזן באַלד זיך אויפן אָרט,
דעם ערשטן זעסטו דאָ,
דעם צווייטן טרעפסטו דאָרט.

**ליר :** דו רופסט מיך נאַר, יונג ?

**דער לץ :** דו האָסט אַוועקגעשענקט אַלע דיינע אַנדערע טיטלען מיט וועלכע דו ביזט געבוירן געוואָרן.

**קענט :** ער איז גאָרניט אינגאַנצן אַזאַ נאַר, מיין האַר.

**דער לץ :** ניין, מיין ליבער, לאָרדן און אַנדערע גרויסע הערן וועלן עס מיך ניט לאָזן ; ווען איך וואָלט געהאַט אַ מאָנאָפּאָל איבער דעם, וואָלטן זיי געמוזט האָבן אַ חלק אין דעם ; און אויך די דאַמען, וואָלטן מיך ניט געלאָזט זיין אַליין דער נאַר ; זיי וואָלטן אַ טייל צוגענומען. פאַרקויף מיר אַן איי, פעטערל, איך וועל דיר געבן צוויי קרוינען.

**ליר :** וואָס פאַר אַ צוויי קרוינען וועלן זיי זיין ?

**דער לץ :** געווים, נאָכדעם ווען איך וואָלט דאָס איי אַדורכגעשניטן אין מיטן און אויפגעגעסן דאָס אינעווייניקסטע,

די צוויי קרוינען פון דעם איי. ווען דו שפּאַלסט דורך דיין קרוין אין מיטן, און גיסט ביידע העלפטן אַוועק, דאַן טראָגסטו דיין אייזל אויף דיין רוקן איבערן זומפּ; דו האָסט גאָר ווייניק שאַרפזין פאַרמאָגט אין דיין פּליכע־וואַטער „קרוין", ווען דו האָסט דיין גאָלדענע קרוין אַוועק־געשענקט. אויב איך רעד איצט וועגן דעם אין מיין איי־גענעם מאַנער, זאָל מען יענעם שמייסן וואָס געפינט עס אוים צוערשט. (זינגענדיק)

די נאַרן האָבן קיינמאָל ניט געהאַט אַזוי ווייניק גליק,
ווייל קלוגע ווערן נאַריש;
און ווייסן ניט ווי צו האַלטן זייער שאַרפזין צוריק,
און זייערע האַנדלונגען זיינען אַזוי מאַלפּיש.

**ליר:** זינט ווען ביזטו עס אַזוי רייך געוואָרן אין לידער?

**דער ליץ:** איך בין עס, פעטערל, געוואָרן, זינט דו האָסט דיינע טעכטער פאַר דיינע מוטערס געמאַכט; האָסט דערלאַנגט זיי די רוט, און אַרונטערגעצויגן דיינע הויזן. (ער זינגט אונטער)

דאַן האָבן זיי געוויינט פון פּלוצלומדיקער פרייד
און איך — געזונגען האָב פאַר צער,
וואָס אַזאַ קעניג שפּילן אין בלענדעניש איז גרייט
און זאָל אַליין ווערן אַ נאַר.

איך בעט דיך, פעטערל, נעם זיך אַ לערער, וואָס זאָל לער־נען דיינע נאַרן זאָגן ליגן; איך וואָלט זייער גערן זיך געלערנט זאָגן ליגן.

**ליר:** ווען דו ועסט זאָגן ליגן, יונג, דאַן וועלן מיר דיך לאָזן שמייסן.

**ליץ:** עס וואונדערט מיך, וואָס פאַר אַ פאַרוואַנדשאַפט דו מיט דיינע טעכטער האָבן; זיי וועלן מיך לאָזן שמייסן פאַר דעם אמת, און דו וועסט מיך לאָזן שמייסן פאַרן ליגן; און אָפט ווער איך געשמיסן ווייל איך האַלט דאָס

מויל; כ׳וואָלט ליבערשט שוין געוואָלט זיין וואָס עס איז אין דער וועלט, איידער זיין אַ נאַר. און דאָך, וואָלט איך ניט וועלן זיין דו, פּעטערל. דו האָסט אָרומגעשניטן דיין פאַרשטאַנד פון ביידע זייטן און גאָרניט געלאָזט אין דער מיט. אָט קומט אַ טייל פון דאָס אָראָפּגעשניטענע.
(גאָנעריל טרעט אויף)

**ליר:** נו, טאָכטער, פאַרוואָס טראָגסטו דיין באַנד אויף דיין שטערן? מיר דאַכט זיך, אַז לעצטנס קנייטשטו דיין שטערנדל צופיל, — ווי פאַרברוגזט!

**לץ:** דו ביזט געווען אַ וואוילער יונג, ווען דו האָסט ניט באַדאַרפט זיך צו זאָרגן אַזוי פיל פאַר איר שטרענגן פּנים; דו ביזט איצט אַ נול, אָן אַ ציפער. מיר איז שוין איצט בעסער פאַר דיר; איך בין אַ נאַר, דו ביזט אַ גאָרניט. (צו גאָנעריל) יאָ, אין אמתן, איך וועל שווייגן. אַזוי באַפעלט מיר אייער געזיכט, כאָטש איר זאָגט גאָרניט, מום, מום: (זינגט זיך אונטער)
דער וואָס היט ניט אָפּ זיין ברויט,
מיד פון אַלץ, וועט ער ליידן נויט.
(ער ווייזט אויף לירן)
דאָס איז אַ ליידיקע אַרבעס־שאָלעכץ!

**גאָנעריל:** ניט נאָר, מיין האַר, דער פרעכבער לץ אַליין,
אויך אַנדערע פון דיין חוצפּהדיקער סוויטע
כסדר קריגן זיך און ברעכן אויס
אין אומדערטרעגלעכן געפילדער. הער,
איך האָב געגלויבט, מען דאַרף דערמאָנען בלויז,
און ס׳וואָלט אַלץ גוט געוואָרן; נאָר כ׳ציטער איצט,
נאָך דעם, וואָס דו האָסט לעצטנס גערעדט, געטאָן,
אַז דו פאַרטיידיקסט גאָר די גאַנצע זאַך,
און גיסט צו מוט מיט דיין דערלויבעניש;
אַזוי, וועט טאַדל שוין ניט פעלן דאָן,

און ס'וועט ניט שלאָפן מער גערעכטיקייט,
וואָס, שטרעבנדיק פאַר אַלגעמיינעם גליק,
האַלטסטו עס אפשר פאַר אַ באַליידיקונג,
און רעכנסט עס פאַר שאַנד; דאָך רוף איך עס
פאַרנונפט, ווען ס'קומט דורך דער נויטווענדיקייט.

**דער ליץ:** דו ווייסט, פעטערל:
דער שפּערלינג האָט דער קוקו אַזוי לאַנג געגעבן עסן,
ביז אירע קינדער האָבן אים די קאָפּ צעפּרעסן.
אַזוי איז אויסגעגאַנגען דאָס ליכט און מיר זיינען געבליבן
אין דער פינצטער.

**ליר:** ביזט מיין טאָכטער?

**גאָנעריל:** הער מיך, מיין האַר, הלוואי וואָלסטו גענוצט געזונטן שכל, מיט וואָס, איך ווייס דו ביזט באַצירט; און אָפּגעלייגט דיינע שטימונגען וואָס לעצטנס מאַכן דיך גאָר אַנדערש, ווי דו ביזט בטבע —

**דער ליץ:** צי קאָן דען ניט אַן אייזל מערקן, ווען דער וואָגן שלעפּט דאָס פערד?

**ליר:** קאָן עמיצער מיך דאָ? דאָס איז ניט ליר!
רעדט ליר אַזוי? וואו זיינען זיינע אויגן?
זיין קאָפּ איז שוואַך, אָדער זיין דענקונגס-קראַפט
איז אין אַ הינער-פלעט. האַ, בין איך וואַך?
ניין, ניין, ווער קאָן מיר זאָגן — ווער איך בין?

**דער ליץ:** לירס שאָטן.

**ליר:** איך וואָלט עס וועלן וויסן; ווייל לויט די צייכנס פון העכסטער מאַכט, פון וויסן און פאַרנונפט, קאָן איך אַליין זיך גאָרנישט איבערציינגן אַז איך האָב געהאַט גאָר טעכטער.

**דער ליץ:** וועמען זיי ווילן מאַכן פאַר אַ געהאָרכזאַמען פאָ-טער.

**ליר:** דיין נאָמען, — שיינע פרוי?

**גאָנעריל:** די דאָזיקע פאַרערונג שמעקט צופיל
מיט אַנדערע פון אייערע קאַפּריזן.
איך בעט אייך, צו פאַרשטיין מיך ווי געהעריק;
אין ווירדיקן עלטער, דאַרפט איר זיין אויך קלוג.
איר האַלט דאָ הונדערטער ריטער און באַדינער;
אַזאַ פאַרדאַרבענע באַנדע, ווילד און פרעך,
אַז אונזער הויף, פאַרסמט מיט זייערע מאַניערן,
זעט אויס ווי אַ ווילדע קרעטשמע; פרעסן
און תאווה מאַכט אים גיכער פאַר אַ שענק,
צי אַ באָרדעל, איידער אַ ווירדיקן הויף.
די גרויסע שאַנד פאַרלאַנגט אַ מיטל גיך.
דעריבער איז דער וואונטש פון דער, וואָס וועט
עס נעמען, אויב זי קריגט ניט וואָס זי בעט,
פאַרקלענערן די סוויטע אייערע,
און די, וואָס ווילן בלייבן נאָך אין דינסט,
די זאָלן זיין אַזעלכע מענער, וואָס
פּאַסן זיך צו, צו אייער עלטער — לייט
וואָס קאָנען זיך אַליין פאַרשטיין — און אייך.

**ליר:** אָ, פינצטערניש און טייוואָלים! —
זאָטלט אָן די פערד; רופט צוזאַמען מיין סוויטע!
געמיינע ממזרטע! איך וויל דיך ניט
באַלעסטיקן; עס בלייבט מיר נאָך אַ טאָכטער.

**גאָנעריל:** איר שלאָגט מיין דינערשאַפט;
און אייער גאַנצע, ווילדע סוויטע מאַכט
די הארן מיינע גאָר פאַרקנעכט.
(אַלבאַני טרעט אויף)

**ליר:** וויי איז צו דעם, וואָס האָט חרטה שפּעט.
(צו אַלבאַנין)
זענט איר עס? — און איר האַלט מיט איר, מיין הער?

יאָ, יאָ, ס'ווייזט אוים אַזוי. — גרייט-צו די פערד.
אומדאַנקבאַרקייט, דו שטיין-האַרציקער טייפל!
אַפשוילעכער פון דער ים-פאַרזעעניש,
ווען דו באַווייזט זיך אין אַ קינד.

**אלבאַני:** געדולדיק זייט, מיין האַר.

**ליר** (צו גאנעריל):
זאָגסט ליגן, דו פאַראַכטעטער קאָרשון!
די מענטשן מיינע זיינען אויסדערווויילטע,
וואָס ווייסן יעדע קלייניקייט פון פליכט
און היטן אָפּ און האַלטן אויף גאָר שטרענג
דעם כבוד זייערן. אָ, קליינע נאַרישקייט,
ווי מיאוס האָסטו אין קאָרדעליאַ אויסגעזען!
דו האָסט ווי מיט אַ צוואַנג דאַן אָפּגעשרויפט
פון ריכטיקן אָרט דאָס גאַנצע וועזן מיינס,
אַרויסגעצויגן די ליבע פון מיין האַרץ,
און זי מיט גאַל פאַרמישט. אָ, ליר, אָ, ליר!
(שלאָגט זיך אין שטערן)
קלאַפּ דאָ אין טיר, וואָס האָט דיין נאַרישקייט
געלאָזט אַריין, און אורטיילס-קראַפט — אַרוים!
גייט, גייט, פונדאַנען!

**אלבאַני:** מיין האַר, כ'בין אומשולדיק. איך האָב
קיין אַנונג ניט, וואָס ס'האָט אייך אויפגערעגט.

**ליר:** ס'קאָן זיין, עס איז אַזוי, מיין האַר.
הער צו, נאַטור! הער, טייערע געטין, הער!
האַלט אָפּ דיין אַבזיכט, אויב דו האָסט באַשלאָסן
צו שענקען דער באַשעפעניש אַ קינד!
אומפרוכטבאַרקייט זאָל זיין איר קערפּערס פלוך!
עס זאָל איר מוטער-טראַכט פאַרטריקנט ווערן;
פון איר געמיינעם לייב זאָל קיינמאָל ניט
אַרוים אַ זויגלינג, זי צו ערן! מוז

זי שווענגערן, באַשאַף מיט גאַל איר קינד,
ס'זאָל לעבן ווי אַן אָנשיקעניש אויף איר!
ס'זאָל גראָבן קנייטשן אין איר יונג געזיכט,
מיט פאַלנדיקע טרערן פאַלדן איר
די באַקן; און איר גאַנצע מוטער־פּיין
און נחת, מאַך צו חרפּה און צו שפּאָט;
אַז זי זאָל פילן ווי ס'איז שאַרפער פון
אַ שלאַנגס אַ צאָן, אַן אומדאַנקבאַר קינד
צו האָבן! — אַוועק! אַוועק. (ער גייט אַרויס).

**אלבאַני:** אָ, אייביגע געטער, וואָס באַדייט עס אַלץ?

**גאָנעריל:** ניין, קימערט זיך ניט צו דערגיין די סיבה;
נאָר זאָל זיין ווילדע שטימונג האָבן פרייהייט,
וואו ס'קאָן זיין אומזין אים נאָר טרייבן.
(קעניג ליר טרעט צוריק אויף)

**ליר:** — וואָס?
אַ העלפט פון מיינע לייט, אַ פופציק לייט
אַוועק ווי מיט איין קלאַפּ? אין פערצן טעג!

**אלבאַני:** וואָס טוט זיך דאָ, גנעדיקער האַר?

**ליר:** יאָ, — הער מיך. (צו גאָנעריל)
אָ, טויט און לעבן! ווי איך שעם זיך טיף,
וואָס דו קאָנסט מיר מיין קראַפט דערשיטערן;
אַז דו זאָלסט ווערט זיין אָט די הייסע טרערן,
וואָס רייסן פון די אויגן זיך אַרויס.
שטורעם־ווינט און נעפּל זאָלן באַפאַלן דיך!
די טויטלעכע פאַרוואָנדלונג פון אַ פאָטערס פלוך
זאָל דורכבויערן יעדן נערוו פון דיין וועזן!
איר אַלטע, נאַרישע אויגן, אויב איר וויינט
אויף אָט דעם פאַל, וועל איך אייך נאָכאַמאָל
אַרויסרייסן מיט גאָר די טרערן, וואָס
איר גיסט, און אויסמישן זיי מיט דעם שטויב.

יאָ, אויב עס איז צו דעם געקומען — זאָל
עס זיין; איך האָב אַן אַנדער טאָכטער נאָך,
וואָס איז מיר טריי און פריינטלעך און גאַנץ ליב.
ווען זי וועט דאָס דערהערן נאַר, וועט זי
מיט אירע נעגל דאַן, דיין וואָלפיש געזיכט
אָפּשינדן. וועסט דאַן אויסגעפינען, אַז
כ'וועל אויפנעמען אויפסניי די פאָרמע און
געשטאַלט מיינס, וואָס דו דענקסט איך האָב פון זיך
אַראָפּגעוואָרפן; וועסט, איך שווער עס דיר.
(עס טרעטן אַרויס ליר, קענט און באַדינער)

**גאָנעריל:** האָט איר עס געהערט, מיין האַר?

**אלבאני:** צוליב מיין גרויסער ליבע, גאָנעריל, קאָן איך
ניט זיין אַזוי פּאַרטייאיש —

**גאָנעריל:** איך בעט אייך, לאָזט צורו —
וואו איז אסוואלד, העי! (צום נאַר) — איר דאָ!
מער אויסוואורף איידער נאַר, גייט נאָך אייער האַר.

**דער ליץ:** פעטערל ליר, פעטערל ליר!
וואַרט אויף, און נעמט דעם נאַר מיט זיך.
אַ פוקס, וואָס מ'האָט געפאַנגען,
און אַזאַ טאָכטער פון אַזעלכע ראַנגען
זאָלן זיכער ווערן אויפגעהאַנגען,
אויב כ'וואָלט אַ שטריק געקאָנט דערלאַנגען, —
עס וואָלט דער נאַר זיי נאָכגעגאַנגען.
(גייט אַוועק).

**גאָנעריל:** מ'האָט אים געראָטן זייער קלוג!
אַ הונדערט ריטער! ס'איז פּאָליטיש, און
אויך זיכער, ער זאָל האַלטן שטענדיק גרייט
אַ הונדערט ריטער! יאָ, צו יעדן וואונטש,
ביי יעדן ריר, קאַפּריז און ווילדן דראַנג
וועט מעגלעך שטיצן ער זיין נאַרישקייט

אויף זייער מאַכט, און קאָנען טאָן מיט אונז
וואָס ער וועט וועלן. אסוואלד! הע!

**אלבאני:** איך גלויב, האָסט מורא זייער שטאַרק.

**גאנעריל:** פיל זיכערער ווי צופיל טרויען זיי.
לאָמיר באַזייטיקן די גאַנצע שרעק
פאַר דאָס בייז וואָס קאָן געשען. איך קאָן זיין האַרץ.
וואָס ערט געזאָגט, האָב איך מיין שוועסטער געשריבן:
אויב זי וועט אים מיט זיינע ריטער שטיצן,
ווען כ׳האָב איר די אומפּאַסיקייט באַוויזן —
(אסוואלד קומט צוריק אריין)
וואָס הערט זיך, אסוואלד, איצט?
האָסטו דעם בריוו געשריבן צו מיין שוועסטער?

**אסוואלד:** יאָ, מאַדאַם.

**גאנעריל:** נעם דיר באַגלייטער מיט, און שנעל אויפן פערד;
דערצייל איר אַלץ פון מיין פערזענלעכער שרעק,
און גיב נאָך מערער אייגנס צו, אַזוינס
וואָס זאָל עס מער פאַרשטאַרקן, גיי, נו, גיי.
און קער זיך באַלד צוריק.
(אָסוואַלד גייט אָפּ. זי ווענדט זיך צו אלבאַני)
ניין, ניין, — מיין האַר,
לויט ס׳האַנדלען אייערס, אַזוי מילד און שוואַך,
כאָטש איך פאַראַכט ניט, דאָך, אַנטשולדיקט מיר,
קומט מער צו טאַדלען אייך פאַר ווייניק זין,
ווי לויבן אייך פאַר שעדלעכער מילדקייט.

**אלבאני:** ווי ווייט דו קאָנסט פאָראויסזען, ווייס איך ניט.
אָפט שטרעבט מען בעסער מאַכן גאָר אַ סך
און מען צעשטערט דאָס גוטע אין דער זאַך.

**גאנעריל:** נו, וואָס? —

**אלבאני:** גוט, גוט, — מיר וועלן זען. —
(זיי גייען אַוועק).

## פינפטע סצענע

(אַ הויף אין פראָנט פון אלבאנים פּאַלאַץ. עס טרעטן אויף: ליר, קענט און דער ליץ).

**ליר** (צו קענטן): גיי פריער צו גלאסטערן מיט די בריוו; זאָג מיין טאָכטער פון דעם, וואָס דו ווייסט, ניט מער, נאָר לויט ווי זי וועט דיך פרעגן, וואָס ס'שטייט אינם בריוו. אויב דו וועסט זיך ניט שטאַרק צואיילן, וועל איך נאָך דאָרטן זיין פריער פון דיר.

**קענט**: איך וועל ניט שלאָפן, מיין האַר, ביז איך וועל ניט איבערגעבן אייער בריוו. (גייט אָפּ)

**דער ליץ**: ווען איינעמס געהירן וואָלטן געלעגן אין זיינע פּיאַטעס, צו וואָלט דאָן ניט געווען קיין געפאַר צו קריגן בלאַטערס אויף דער הויט?

**ליר**: יאָ, יונג.

**דער ליץ**: נו, בעט איך דיך, זיי צופרידן; דיין פאַרשטאַנד וועט זיך קיינמאָל ניט אויסגליטשן.

**ליר**: האַ, האַ, האַ!

**דער ליץ**: וועסט זען, דיין אַנדערע טאָכטער וועט דיך ליבלעך באַגעגענען; ווייל כאָטש זי איז צו יענער ענלעך ווי דער וואַלד־עפּל צו דעם עפּל פון גאָרטן, דאָך ווייס איך וואָס איך ווייס.

**ליר**: וואָס ווייסטו דען, מיין יונג?

**דער ליץ**: זי וועט ענלעך זיין אין טעם צו איר, ווי צוויי וואַלד־עפּל פונם זעלבן בוים. דו ווייסט פאַרוואָס עס שטייט ביי אַ מענטשן די נאָז אין מיטן פּנים?

**ליר**: ניין.

דער לץ: גענויס, כדי צו האַלטן בײדע אויגן אויף יעדער זייט פון דער נאָז, אַזוי, אַז וואָס אַ מענטש קאָן ניט דערשמעקן, זאָל זיין אויג עס קאָנען דערזען.

ליר: כ'האָב אומרעכט איר געטאָן.

דער לץ: קאָנסטו מיר זאָגן, ווי אַזוי דער אויסטער מאַכט זיין צודעק-שאָלעכץ?

ליר: ניין.

דער לץ: איך אויך ניט; אָבער איך ווייס פאַרוואָס דער שליאָמאָך האָט אַ הויז.

ליר: פאַרוואָס?

דער לץ: גענויס, כדי זיין קאָפּ אַהין אַריינצושטעקן; ניט עס אָפּצוגעבן צו זיינע טעכטער, און זיינע הערנער לאָזן אָן אַ צודעק.

ליר: איך וויל פאַרגעסן מיין אייגענע טבע. אַזאַ גוטער טאַטע ווי איך בין געווען! — זיינען מיינע פערד שוין געזאָטלט?

דער לץ: דיינע אייזלען זיינען געגאַנגען אַ קוק טאָן. טרעף פאַרוואָס די זיבן שטערן אין הימל זיינען ניט מער ווי זיבן?

ליר: ווייל זיי זיינען ניט אַכט.

דער לץ: יאָ, גענויס; דו וואָלסט געווען אַ גוטער לץ.

ליר: איך מוז אַלץ אָפּנעמען צוריק — און מיט געוואַלט. אָ, שרעקלעכע אומדאַנקבאַרקייט!

דער לץ: ווען דו וואָלסט געווען מיין לץ, פעטערל, וואָלט איך געלאָזט דיך אָפּשמייסן פאַר ווערן אַלט פאַר דער צייט.

ליר: וואָס מיינסטו?

**דער ליץ:** האָסט ניט געזאָלט אַלט ווערן איידער ביזט גע־
ווּאָרן קלוג.

**ליר:** אָ, שיצט מיך, געטער, פון משוגע ווערן!
שענקט כוחות מיר, איך גיי פון זינען אַראָפּ!
(אַ ריטער קומט אַריין)
נו, זיינען גרייט די פערד?.

**דער ריטער:** יאָ, גרייט, מיין האַר.

**ליר:** קום, יונג!

(זיי גייען אַרוים).

**(סוף פון ערשטן אַקט)**

*) ליר האָט דאָ אין זינען צוריק אויפצונעמען זיין מלוכה.

# צווייטער אַקט

## ערשטע סצענע

א הויף פאַרן פּאַלאַץ פון דעם גראַף גלאַסטער.

(עדמונד און קוראַן באַגעגענען זיך, קומענדיק פון ביידע זייטן פון דער בינע)

**עדמונד:** זיי געגריסט, קוראַן.

**קוראַן:** אונזאיר אויך, מיין הער. איך בין געווען ביי אייער פאָטער, און האָב אים געלאָזט וויסן, אַז דער הערצאָג פון קאָרנוואָל און רעגאַן, זיין הערצאָגין, וועלן קומען היינט ביינאַכט, נעכטיקן דאָ, ביי אים.

**עדמונד:** ווי קומט עס?

**קוראַן:** דאָס וויים איך נישט. איר האָט געהערט די נייס אין לאַנד? איך מיין, וואָס מען שושקעט זיך, און מען סודעט זיך בלויז דערווייל וועגן דעם.

**עדמונד:** נישט געהערט; כ'בעט אייך, וואָס זאָגט מען?

**קוראַן:** האָט איר נישט געהערט, אַז ס'וועט אפשר קומען באַלד צו אַ קריג צווישן די הערצאָגן פון קאָרנוואָל און אַלבאַני?

**עדמונד:** ניין, כ'האָב נישט געהערט.

**קוראַן:** נו, וועט איר עס נאָך הערן, זייט געזונט, מיין הער! (ער גייט אַרויס).

**עדמונד:** דער הערצאָג וועט דאָ זיין נאָך היינט ביינאַכט? ס'איז בעסער נאָך! גאָר גוט! דאָס בינדט זיך וואויל אין מיין פאַרטראַכטן פּלאַן אַריין. עס האָט
מיין פאָטער אָנגעשטעלט אַ וואַך מיין ברודער

צו כאַפּן; און כ׳וועל נאָך מאָדנעם וואָס דאָ טאָן.
אָ, גליק און פלינקייט העלפט מיר צו אין צייט!
(ער רופט) אַ וואָרט בלויז, ברודער, קום אַראָפּ; איך זאָג!
(עדגאַר טרעט אויף)
מיין פאָטער לויערט אויף דיר — אַנטלויף פון דאַן!
מ׳האָט אים אָנגעזאָגט וואו דו באַהאַלטסט זיך אוים.
אַנטלויף, די נאַכט וועט קומען דיר צו הילף. —
האָסטו גערעדט אַנטקעגן הערצאָג קארנוואל?
ער קומט אַהער ביינאַכט אין איילעניש,
רעגאַן מיט אים; האָסט עפּעס וואָס גערעדט
וועגן זיין שטרייט מיטן הערצאָג אלבאני?
דערמאָן דיך נאָר.

**עדגאַר:** כ׳בין זיכער ניט קיין איינציק וואָרט.

**עדמונד:** איך הער מיין פאָטער קומען; אַנטשולדיק מיר;
אַלס אָנשטעל, מוז איך פעכטן זיך מיט דיר;
דו מאַך, ווי דו פאַרטיידיקסט דיך, אַנטלויף.
(אויפן קול) איצט גיב זיך אונטער! ווייז זיך פארן פאָטער!
העי, ליכט! העי, ליכט! (אין דער שטיל) אַנטלויף איצט,
ברודער, גיך!
(הויך) ברענגט פייער! פאַקעלן! (שטיל) נו, זיי געזונט!
(עדגאַר לויפט אַוועק)
אַ ביסל בלוט אויף מיר וועט מאַכן גלויבן,
אַז איך האָב טאַקע זיך מיט אים געפעכט.
(ער פאַרוואונדעט זיך זיין האַנט)
איך האָב געזען, שיכורים האָבן אין אַ שפּאַס,
געטאָן פיל מער ווי דאָס. אָ, פאָטער! וואַרט!
וואַרט אוים! ניטאָ דען ווער ס׳זאָל העלפן?
(גלאָסטער לויפט אַריין מיט באַדינער און פאַקעלן אין
די הענט)

**גלאָסטער:** נו, עדמונד, זאָג וואו איז דער אויסוואורף?

**עדמונד:** מיט אויסגעשטרעקטער שאַרפער שווערד, איז ער געשטאַנען דאָ אין דער פינצטערניש, און האָט געמורמלט שפּרוכן און געשוואָרן ביי דער לבנה, אַז זי וועט אים העלפן.

**גלאָסטער:** וואו איז ער, זאָג?

**עדמונד:** זעט, פאָטער, ווי איך בלוטיק.

**גלאָסטער:** וואו איז דער אויסוואורף, עדמונד?

**עדמונד:** ער איז אַנטלאָפן; ווען ער האָט אויף קיין פאַל נישט געקענט —

**גלאָסטער:** לויפט־נאָך נאָך אים! העי, כאַפּט אים גיך!
(אייניקע באַדינער לאָזן זיך לויפן)
וואָס מיינט עס „אויף קיין פאַל"?

**עדמונד:** מיך איבעררעדן, אייך צו דערמאָרדן, הער.
נאָר איך האָב אים געזאָגט, אַז די בייזע געטער
וועלן שליידערן די דונערן אויף דעם,
וואָס ברענגט זיין אייגענעם פאָטער אום. איך האָב
דערקלערט אים מיט וואָס פאַר אַ שטאַרקן בונד
עס איז אַ זון געבונדן צו זיין פאָטער.
אין קורץ, ווען ער'ט געזען, ווי כ'שטעל זיך מיט
פאַראַכטונג קעגן זיין פאַרדאַמטן פּלאַן,
איז ער דאַן פּלוצלונג מיט אַ געצויגענער שווערד
באַפאַלן מיך, און דורכגעשטאָכן מיר מיין האַנט;
דאָך ווען ער האָט געזען ווי כ'וועל דערצאָרנט,
און כ'שטעל זיך בראַוו אַנטקעגן אים אין שטרייט, —
אָדער דערשראָקן פאַר מיין הילף־געשריי,
איז ער אויף גיך אַנטלאָפן.

**גלאָסטער:** ער מעג אַפילו לויפן ווייט;
דאָך וועט ער זיך ניט אויסבאַהאַלטן לאַנג
אָט דאָ, אין לאַנד; און כאַפּט מען אים, — דאַן וועט

זיין אַנגעגרייט פאַר אים די שטראָף. דער האַר,
דער איידעלער, געערטער פירשט, און דער
געגעדיקער, קומט היינט ביינאַכט אַהער;
כ׳וועל אַלעמען, מיט זיין דערלויבעניש, דערקלערן:
אַז ווער ס׳געפינט און ברענגט דעם מערדער־פחדן
צום געריכט, וועט קריגן אונזער דאַנק;
און ווער ס׳באַהאַלט אים, דער קריגט טויט.

**עדמונד:** ווען כ׳האָב אים פון זיין פאַרשווערונג אָפּגערעדט,
און האָב געזען, אַז ער האַלט זיך ביי זיין פּלאַן,
האָב איך מיט שאַרפע רייד געשראָקן אים,
כ׳וועל אים ארויסגעבן. האָט ער געענטפערט:
דו הפקרדיקער ממזר וואָס דו ביזט!
צי גלויבסטו דען, אַז ווען מיר וואָלטן דאָ
געשטאַנען ביידע פאַרן געריכט, וואָלט דען
דאָס טרויען דיר, צי וועלכער אמת, טוגנט,
אָדער ווערט אין דיר, געמאַכט דיין וואָרט באַגלויבט?
ניין, ניין, איך וועל דיר לייקענען אין די אויגן —
און כ׳וועל עס טאָן; יאָ, ווייל האָסט נאָכגעמאַכט
מיין האַנטשריפט — און כ׳וועל אויפדעקן דיין פּלאַן,
דאָס גאַנצע בייז, וואָס דו האָסט פּראַקטיצירט.
און ס׳וואָלט די גאַנצע וועלט געוועזן צו נאַר,
ווען זי וואָלט גאָרניט אָנערקענט, אַז די
געווינסן פון מיין טויט זיינען געווען
די שטאַרקסטע טרייב־מאָטיוון, די שפּאָרן
דיך צו באַוועגן, אַז דו זאָלסט מיך טויטן.

**גלאָסטער:** אָ, איינגעשפּאַרטער לומפּ!
צי וועט ער דען זיין האַנטשריפט לייקענען?
ער קען נישט זיין מיין זון.
(מען דערהערט טראָמפּייטן שאַלן).
דער הערצאָג קומט. כ׳וויים ניט צוליב וואָס.
איך וועל פאַרשפּאַרן אַלע האַפנס, אַז

דער אויסוואוקס זאָל פון דאַנען ניט אַנטלויפן;
מיין הערצאָג מוז אויך מיר עם דערלויבן. חוץ דעם,
שיק איך זיין בילד פאַנאַנדער אומעטום;
מען זאָל אין גאַנצן לאַנד דערקענען אים;
און מיין לאַנד, ליבער און געטרייער זון,
וועל איך שוין זען אַז, ס׳זאָל געהערן דיר.
(קארנוואל און רעגאַן טרעטן אויף מיט באַגלייטער)

**קארנוואל:** וואָס הערט זיך עפּעס, ליבער פּריינט? כ׳בין דאָ
ניט לאַנג, און כ׳הער שוין עפּעס מאָדנע נייעס.

**רעגאַן:** און אויב ס׳איז אמת, איז די האַרבסטע שטראָף
צו קליין פאַר דעם פאַרברעכערס זינד.
וואָס מאַכט איר, מיין לאָרד?

**גלאָסטער:** צעבראָכן איז מיין אַלטע האַרץ, צעבראָכן!

**רעגאַן:** וואָס, אייער זון פּלאַנט אייך צו טויטן? ווער מען
מיין פאָטער האָט געשענקט דעם נאָמען: עדגאַר?

**גלאָסטער:** אָ, פּירשטין, בעסער שוין צו שווייגן, ס׳אָ שאַנד!

**רעגאַן:** האָט ער זיך נישט געחברט מיט די ריטער,
די בונטאַרן וואָס באַדינען מיין פאָטער?

**גלאָסטער:** מאַדאַם, איך ווייס נישט, עס איז שרעקלעך.

**עדמונד:** געוויס, ער האָט געחברט זיך מיט זיי.

**רעגאַן:** קיין וואונדער ניט וואָס ער׳ז צו שלעכטס געניי גט,
מ׳האָט געטריבן אים צום מאָרד פון אַלטן מאַן,
און צו פאַרשווענדן ס׳געלט וואָס בלייבט נאָך אים,
מיין שוועסטער האָט עם מיר היינט אָוונט ערשט
גענוי געשילדערט, און מיט וואַרנונגען
אַזעלכע, אַז, אין פאַל זיי קומען דאָ,
ביי מיר צו וואוינען, זאָל איך דאָ ניט זיין,

**קארנוואל:** אויך איך נישט, איך פאַרזיכער דיך רעגאַן.

עדמונד, כ׳האָב געהערט, איר האָט באַוויזן דאָ אַ ביישפּיל
פון אַ זונס געטריישאַפט צו אַ פאָטער.

**עדמונד:** כ׳האָב געטאָן מיין פליכט, מיין הער.

**גלאָסטער:** ער האָט זיין פאַרשווערונג אויפגעדעקט; און
האָט זיין וואונד באַקומען, ווי דו זעסט, ווען ער האָט גע־
וואָלט אים כאַפּן.

**קאָרנוואָל:** צי יאָגט מען אים נאָך?

**גלאָסטער:** געוויס, מיין גנעדיקער הער.

**קאָרנוואָל:** כאַפּט מען אים — וועט קיינער פאַר זיין רשעות
ניט מורא האָבן מער. מיין גאַנצע מאַכט
וועט אייך צוהילף זיין, ווי איר ווינטשט אַליין.
איר, עדמונד, וועלכער ווייזט זיך איצטער קלאָר
אַרוים מיט טוגנט און געהאָרכזאַמקייט
איר בלייבט מיט אונז. מיר וועלן נויטיקן זיך
אין אַט אַזעלכע אָנפאַרטרויטע מענטשן;
און מיר נעמען אייך דעם ערשטן.

**עדמונד:** איך וועל אייך דינען, הער, געטריי.

**גלאָסטער:** איך דאַנק דיר, פאַר אים.

**קאָרנוואָל:** איר ווייסט דאָך נישט, נאָך וואָס מיר זיינען דאָ
אַהער צו אייך געקומען.

**רעגאַן:** גאָר אויסער צייט, און פינצטערניש פון נאַכט!
דער צופאַל, פריינט, איז גאָר אַ וויכטיקער;
און אייער עצה נויטיק איז פאַר אונז.
מיין פאָטער האָט געשריבן, אויך די שוועסטער,
פון צווייסטיגקייטן, און איך האָב געטראַכט,
זיי בעסער אויסצוגלייכן ניט אין הויז;
די צוויי שלוחים וואַרטן אויף אַן ענטפער.
איר, אַלטער פריינט, באַרואיקט זיך, איך בעט;

און העלפט אונז מיט אַן עצה אין דער זאַך,
וואָס נויטיקט זיך אין גרויסער אייליעניש.

**גלאָסטער:** איך דינק אייך גערן, פירשטין.
ס'איז אייער קומען שטאַרק צום האַרצן מיר.
(זיי גייען אַוועק)

צווייטע סצענע

אין פראַנט פון גלאָסטערס שלאָס.

(עס טרעטן אויף קענט און אָסוואַלד פון פאַרשיידענע זייטן)

**אָסוואַלד:** גוט מאָרגן, פריינט; דו ביזט אַ היגער?

**קענט:** יאָ.

**אָסוואַלד:** וואו קאָנען מיר די פערד דאָ אָפּשטעלן?

**קענט:** אין דער בלאָטע.

**אָסוואַלד:** איך בעט אייך, זאָגט מיר, אויב איר זיינט אַ פריינט.

**קענט:** ניין.

**אָסוואַלד:** נו, וויל איך דיך ניט קענען מער.

**קענט:** וואָלט איך דיך אָבער געהאַט צווישן מיינע ציין, וואָלסטו מיר שוין יע געקענט.

**אָסוואַלד:** פאַרוואָס באַהאַנדלסטו מיך אַזוי? איך קען דיך נישט.

**קענט:** און איך קען דיך יע.

**אָסוואַלד:** ווער בין איך דען?

**קענט:** דו ביסט אַ שלעפּער; אַ לומפּ; אַ נידערטרעכ־טיקער; אַ געמיינער, שטאָלצער, נאַרישער, בעטלערי־שער, דריי מאַנטלדיקער, הונדערטפונטיקער, שמוציקער שלעפּער, וואָס טראָגט גראָבע, וואָלענע זאָקן; אַ מילך־לעבערדיקער, שרעקעדיקער שלעפּער; אַ נואף, אַ שפּיגל־קוקער, אַ חונף, אַ פאַרפּוצטער טויגעניכטס, אַ שקלאַף; וואָס האָט בלויז איין און איינציקן קופערט; אַזאַ וואָס וואָלט זיך אויסגעטויגט צו זיין אַ באַרדל־האַלטער, און אַ גאָרנישט, אויסער אַ געמיש פון אויסוואורף, בעטלער, לומפּ, פּחדן און דער זון און יורש פון אַ ממזר־הונט. ביסט אַזעלכער וועמען כ׳וועל צעטרייבערן אין פּיצלעך, אויב דו וואַגסט צו לייקענען דעם מינדסטן אויסדרוק אין מיין צעטל פון טיטולן.

**אסוואלד:** סאַר אַן אוממענטש און אַ טיפּוש דו ביסט אַזוי צו זידלען אַ מענטשן, וואָס דו קענסט אים ניט, און וואָס ער קען דיך ניט!

**קענט:** וואָס פאַר אַ פאַרשייטן פּנים דו האָסט, הונט, צו לייקענען, אַז דו קענסט מיך! עס איז דאָך בלויז צוויי טעג, אַז איך האָב דיך אַנידערגעוואָרפן אויף דר׳ערד און אַנגעשלאָגן דיך פאַר דעם קעניג אין די אויגן! ציִ אַרויס דיין שווערד, דו הונט, ווייל כאָטש ס׳איז נאַכט, דאָך שיינט די לבנה; איך וועל מאַכן אין ליכט פון דער לבנה אַ פיינקוכן באַלד פון דיר. (ער ציט די שווערד) ציִ אַרויס דו נידערטרעכטיקער, געמיינער, פּוסטער פראַנט, ציִ אַרויס דיין שווערד.

**אסוואלד:** אַוועק! כ׳האָב גאָרנישט וואָס צו טאָן מיט דיר.

**קענט:** ציִ אַרויס די שווערד, דו הונט; דו קומסט מיט בריוו וואָס רעדן קעגן קעניג און נעמסט אַ מיאוסן אַנטייל אין דער שפּיל פון רשעות קעגן זיין מאַיעסטעט, איר פאָטער. ציִ אַרויס די שווערד, דו מנוול, אָדער איך וועל דיך אויף

שטיקער צעהאַקן — צי אַרויס די שווערד דו לומפּ;
ווער־זיך!

**אסוואלד:** העלפט, אוי! אַ מאָרד! העלפט!

**קענט:** שלאָג צוריק, דו בעסטיע; שטעל זיך אַנטקעגן, גיב
צוריק; דו אויסגעפּוצטער לומפּן־נפש! ווער־זיך!
(ער שלאָגט אים)

**אסוואלד:** העלפט! אוי! מאָרד! מאָרד!
(עדמונד טרעט אויף מיט זיין בלאַנקער שווערד. עס קו־
מען אויך אַריין קארנוואל, רעגאַן, גלאסטער און באַדינער)

**עדמונד:** וואָס איז דאָס! וואָס טוט זיך דאָ?
(ער נעמט זיי פאַנאַנדער)

**קענט:** אַהער קום, יונגערמאַן, אויב ס'גלוסט זיך דיר. קום,
כ'וויל דיר ווייזן וואָס איך קען, אַהער קום, יונגער שנעק.

**גלאסטער:** וואָס טוט זיך דאָ? וואָפן! שווערד!

**קארנוואל:** זאָל רואיק זיין! אויב ס'לעבן איז אייך ליב;
ווער ס'פאָלגט ניט — טויט אים גלייך! ווער זיינען זיי?

**רעגאַן:** צוויי שלוחים: אונזער שוועסטערס און דעם קע־
ניגס.

**קארנוואל:** אין וואָס באַשטייט אייער שטרייט? זאָגט אויס.

**אסוואלד:** כ'קען קוים דעם אָטעם אָפּכאַפּן, מיין הער!

**קענט:** קיין וואונדער ניט. דו האָסט באַדאַרפט אָנשטרענ־
גען דיין גאַנצן מוט און כוח.
דו פּחדן, לומפּ, ביזט נישט ווערט וואָס די ערד טראָגט
דיך. אַ שניידער האָט דיך געמאכט!

**קארנוואל:** דו מאָדנער מענטש, אַ שניידער מאכט דעם
מענטשן?

**קענט:** יע, יע, אַ שניידער, הער; אַ שטיין־קריצער אָדער אַ מאָלער וואָלט אים נישט באַשאַפן אַזוי שלעכט, ווען זיי וואָלטן אַפילו געווען ביי דער לערע בלויז צוויי שעה צייט.

**קאָרנוואָל:** דאָך זאָגט מיר, ווי אַזוי איז עס צו דער קריגעריי געקומען?

**אָסוואַלד:** דער אַלטער מערדער, מיין הער, וועמעס בלוט איך האָב געשאָנעוועט צוליב זיין גרויער באָרד, —

**קענט:** העי, דו טויגעניכטס דו! אויב איר וועט מיר דערלויבן מיין האַר, וועל איך דעם גראָבן לומפּ דאָ אויף צעמענט צערייבן, און וועל מיט אים אַן אָפּטרעט־וואַנט באַשמירן. מיין גרויע באָרד האָסטו געשאָנעוועט, דו נידערטרעכטיקער?

**קאָרנוואָל** (צו קענטן): שווייג, דו אויסוואורף!
דו פּראָסטער קנעכט, האָסטו קיין שום דרך־ארץ ניט?

**קענט:** יע, מיין הער! דאָך יעדער צאָרן האָט זיין פּריווילעגיע.

**קאָרנוואָל:** פאַרוואָס ביסטו אַזוי אין כעס?

**קענט:** אַז אַ שקלאַף ווי ער, זאָל טראָגן גאָר אַ שווערד,
אָט דער, וואָס טראָגט קיין ערע ניט. חונפים,
ווי ראַצן, צעבייסן אָפט די הייליקסטע קניפּ,
וואָס ס׳איז שווער אָפּצוקניפּן; פאַרגלעטן
די ליידנשאַפטן, וועלכע ברויזן אויף
אין הארץ פון זייער האַר, און גיסן אויל
אויפן פייער, שניי אויף זייער קאַלט געמיט;
פאַרלייקענען, באַשטעטיקן און דרייען
די נאָז זייערע צו אַ יעדן קער
און צוק פון זייער האַר. זיי גייען נאָך,

אומוויסנדע, ווי הינט. (צו אסוואלדן)
אַ מכה אויף דיין קרענקלעכן געזיכט!
דו לאַכסט פון מיר ווי איך וואָלט זיין אַ נאַר?
דו גאַנדז, וואָלסטו געווען אויף סארומס פעלד,
וואָלט איך דיך מיט גענדז אַהיים געטריבן.

**קאַרנוואַל:** אוי, אַלטער, ביסט פון זין אַראָפּ?

**גלאָסטער:** זאָג, ווי אַזוי נאָך איז צום שטרייט געקומען?

**קענט:** ניטאָ קיין גרעסערע אַנטיפּאַטיע צווישן געגנזעצ־לעכע נאַטורן ווי צווישן מיר און אָט דעם לומפּ.

**קאַרנוואַל:** פּאַרוואָס רופסטו אים לומפּ? וואָס איז זיין זינד?

**קענט:** זיין פּנים איז מיר אומדערטרעגלעך.

**קאַרנוואַל:** ניט, אפשר, מער ווי מיינס, צי זיינס; צי אירס?

**קענט:** עס איז מיין טבע רעדן פּשוט, הער;
כ'האָב בעסערע געזיכטער שוין געזען,
אויף מענטשלעכע אַקסלען, ווי אָט־דאָס געזיכט
וואָס שטייט מיר איצט דאָ פאַר די אויגן.

**קאַרנוואַל:** דאָס איז אַ מענטש,
וואָס זייענדיק אַמאָל שוין שטאַרק געלויבט
פאַר פּשוטקייט, ווערט פלוצלונג פרעך און רוי,
און האַלט פאַרשטעלט זיין אייגענע נאַטור;
עס קען ניט חנפענען, דער פּשוטער
און אָרנטלעכער — ער רעדט אמת נאַר!
מען וועט אים פאַר אַזעלכן האַלטן, און,
אויב ניט — דאַן איז ער דאָך אַ פּשוטער.
איך קאָן די לומפּן יענע זייער גוט,
וואָס אין דער פּשוטקייט באַהאַלטן ליגט,
מער פאַלשקייט און מער נידערטרעכטיקייט,

וי צוואַנציק נאַריש־קניענדיקע קנעכט,
וואָס טוען פינקטלעך זייער פליכט.

**קענט:** מיין הער, מיט גלויבן און אויפריכטיקייט
דורך דעם גענאַד פון אייער גרויסער מאַכט,
וועמענס איינפלוס ליכטיקט ווי דער פייער־קראַנץ
אויפן פנים פון דער שטראַלנדיקער זון. —

**קאָרנוואָל:** וואָס מיינסטו מיט די רייד?

**קענט:** איך וויל בלויז ענדערן דעם נוסח פון מיין לשון, וואָס אייך געפעלט ניט זייער שטאַרק. איך וויים, מיין לאָרד, איך בין קיין חונף ניט; דער וואָס האָט אייך באַטריגט אין אַ פשוטער שפּראַך איז געווען אַ פשוטער לומפּ, און דאָס וויל איך נישט זיין. אויב אַפילו איר זאָלט וויזן אייער אומצופרידנקייט, קאָן איך אַנדערש ניט זיין.

**קאָרנוואָל** (צו אסוואַלד): וואָס האָסטו פאַר שלעכטס אים געטאָן.

**אסוואַלד:** די קלענסטע נישט.
ס'איז לעצטע צייט געפעלן דעם קעניג, זיין האַר
צו שלאָגן מיך, צוליב אַ מיספאַרשטענדעניש,
ווען דער־אַ חנפע'נדיק דעם קעניגס צאָרן,
האָט הינטערווייַלעכץ אומגעוואָרפן מיך;
און, ליגנדיק אויף דר'ערד, באַליידיקט מיך.
און אָנגענומען נאָך די מינע פון
אַ העלד, אַז ס'האָט דער קעניג אים געלויבט
פאַר אָנגרייפן דעם אונטערטעניקטן;
און אין דעם גלאַנץ פון ערשטן ריטער־זיג,
איז ער מיטן שווערד באַפאַלן מיר אויפסניי.

**קענט:** איאַקס* איז גאָרניט אין פאַרגלייך מיט די פחדנים לומפּן.

*) איאַקס — באַוואוסט אַלס בראַווער, מוטיקער מאַן.

**קאָרנוואָל:** דערלאַנגט אַהער דעם קלאַמער־קלאָץ!
דו אַלטער, דו פאַרעקשנטער, דו לומפּ,
בעל־גאווה, דו, כ׳וועל דיך לערנען נאָך —

**קענט:** איך בין צו אַלט צו לערנען, הער;
נעמט נישט דעם קלאַמער־קלאָץ פאַר מיר, איך דין
דעם קעניג; ער האָט מיך אַהער געשיקט.
איר וועט אים ווייניק כבוד טאָן, און פיל
בייזוויליקייט ווייזן קעגן דעם גנאָד
און ווערדע פון מיין האַר, ווען איר וועט זיין
שליח אין דעם קלעם אַריינשפּאַרן.

**קאָרנוואָל:** דערלאַנגט דעם קלאַמער־קלאָץ!
ביז מיטאָג זאָל ער זיצן דאָרט, איך שווער
אייך ביי מיין לעבן און מיין ערן־וואָרט.

**רעגאַן:** ביז מיטאָג? ניין, ביז נאַכט; די גאַנצע נאַכט!

**קענט:** ווען, כ׳וואָלט געווען בלויז אייער פאָטערס הונט,
וואָלט איר אַזוי מיך נישט באַדאַרפט באַהאַנדלען.

**רעגאַן:** נאָר ווייל איר זייט זיין קנעכט, טו איך עס יאָ.

**קאָרנוואָל:** ער איז אַ לומפּ פון גראָד דעם זעלבן מין ווי
אונזער שוועסטער שרייבט. קומט ברענגט דעם קלאַמער־
קלאָץ.
(מען ברענגט אַריין דעם קלאַמער־קלאָץ)

**גלאָסטער:** דערלויבט מיר בעטן אייך, מיין הער, דאָס ניט
צו טאָן.
זיין זינד איז גרויס און ס׳וועט דער גוטער קעניג,
זיין האַר, געווים באַשטראָפן אים דערפאַר.
און אייער קליינע שטראָף איז גראָד אַזאַ
וואָס פּאַסט זיך פאַר געמיינע, נידעריקע
גנבים, פאַר גאָר פּשוטע פאַרברעכערס,

פאַר בלויז געווינלעכע זינד, אַזוי באַשטראָפן.
דעם קעניג וועט פאַרדריסן ווען ער וועט זען,
אַז ער ווערט אַזוי גרינג געשעצט דורך זיין
שליח, אויב קענט ווערט אַזוי באַשטראָפט.

**קאָרנוואָל:** אַט דאָס נעם איך אויף זיך.

**רעגאַן:** ס׳וועט מיינען פאַר מיין שוועסטער ערגער נאָך;
ווען איר באַדינער ווערט באַהאַנדלט שלעכט
פאַר טאָן דאָס, וואָס זי האָט אים אָנגעזאָגט.
שפּאַרט אים די פיס אַריין.
(קענט ווערט אין קלאַמער־קלאָץ אַריינגעזעצט)
קומט, לאָמיר גיין, מיין געערטער האַר!
(אַלע גייען אַוועק, אויסער גלאָסטער און קענט)

**גלאָסטער:** עס טוט מיר לייד פאַר דיר, מיין פריינט; עס איז
אַזוי דעם הערצאָגס פאַרגעניגן; עס ווייסט
די גאַנצע וועלט גאָר וואויל, אַז קיינער קען ניט
זיין צאָרן צוימען. כ׳וועל בעטן אים פאַר דיר.

**קענט:** איך בעט אייך, טוט עס נישט. כ׳האָב לאַנג געררייזט
און נישט געשלאָפן. כ׳וועל כאַפּן דאָ אַ דרימל,
און כ׳וועל זיך צו־פייפן צו זיך אַליין.
עס גייט ניט אויך דעם גוטן נאָך דאָס גליק.
אַ גוטן מאָרגן!

**גלאָסטער:** עס איז דעם הערצאָגס שולד אין דעם;
מען וועט עס זיכער אויסטייטשן אויף שלעכט.
(ער גייט אַוועק)

**קענט:** דו גוטער קעניג, עס האַלט דאָס שפּריכוואָרט אוים:
ס׳קען ווערן שלעכט אַמאָל פון סאַמע גוט!
(קוקנדיק צו דער לבנה)
קום נענטער, ליכט, צו אַט דער אָפּגרונט־וועלט,

כדי איך זאָל ביי דיינע מילדע שטראַלן
דעם בריוו דאָ לייענען! ס'איז וואָר, אַז נאָר
אין עלנט זעט מען וואונדער! כ'ווייס, דער בריוו
קומט פון קאָרדעליא, וואָס האָט, צום גליק,
געהערט שוין פון מיין פינסטער לעבן; און וועט
זיך שאַפן צייט, צו קומען גיך אַהער
און ברענגען הילף מיר אין דער בייזער שעה.
שווין מיד און שלעפעריק, נוצט אויס גלייך איצט
אָט די געלעגנהייט, איר מידע אויגן,
ניט צו צו זען אָט דעם שאַנדפולן אָרט.
דריי, גליק, דיין ראָד און שמייכל! גוטע נאַכט!
(ער שלאָפט איין)

## דריטע סצענע

(עדגאַר טרעט אויף, אויף אַ פאַרלאָזטן פעלד)

**עדגאַר**: איך האָב אַליין געהערט: מ'האָט מיך פאַראור־טיילט;
אַ גליק נאָך וואָס אין אויסגעהוילטן בוים
האָב איך זיך אויסבאַהאַלטן. קיין פאָרט איז פריי;
נישטאָ קיין אָרט וואָס זאָל נישט זיין באַוואַכט —
מיך צו פאַרהאַלטן. ווי לאַנג איך קען אַנטלויפן,
וועל איך זיך ראַטעווען; ס'איז מיין באַשלוס
זיך צו פאַרשטעלן אין דער איינפאַכסטער
און אָרעמסטער געשטאַלט, וואָס נויט האָט ווען
דעם מענטש צו חיה טיף דערנידעריקט.
פאַרשמירן וועל איך מיין געזיכט מיט קויט,
די לענדן מיינע אונטערגאַרטלען, כ'וועל
פאַרפלעכטן מיינע האָר, און מיט מיין לייב —
אין הוילער נאַקעטקייט — אַנטקעגן ווינט
און שטורעם און די בייזקייטן פון הימל.

די געגנט דאָ, זי ווייזט מיר אוים צו זיין
אַן אָרט פון בעטלער, וואָס, מיט אַ געברום,
צעשטעכן זיי זיך די געליימטע הענט
מיט שפּילקעס, שטעכערס, נעגל, דערנער; און
מיט אַזאַ מוראדיקן אויסזען,
אין קליינע פערמעס, דערפער אָרעמע,
אין שאָף־שטאַלן און מילן, צייטנווייז
מיט קללות, זידלעריי, און צייטנווייז
מיט בעטלען, וועקן זיי רחמנות אויף.
דו בידנער טורליגאַד! דו בידנער טאָם *)
אַזעלכער בין איך איצט; ניט עדגאר — מער!

### פערטע סצענע

(אין פראָנט פון גלאָסטערס שלאָס. קענט אין דעם
קלאָמער־קלאָץ. עס טרעטן אויף ליר,
דער לץ און ריטער)

**ליר:** ס׳איז מאָדנע, אַז זיי זאָלן ס׳הויז אַזוי פאַרלאָזן און ניט שיקן צוריק מיין שליח.

**ריטער:** ווי כ׳האָב זיך דערוואוסט, איז נעכטן ביינאַכט זיי איינגעפאַלן אַהער צו קומען.

**קענט:** לאַנג לעבן, זאָל מיין איידעלער האַר!

**ליר:** האַ!
דו טרייבסט דאָ שפּאַס אַלס צייט־פאַרטרייב?

**קענט:** ניין, מיין קעניג.

**דער לץ:** כאַ! כאַ! ער טראָגט גראָבע זאָקן־בענדלעך. פערד בינדט מען צו פאַר די קעפּ, הינט און בערן פאַר דעם האַלדז,

---

*) טורליגאַר און טאָם — באַרימטע בעטלער אין פראַנקרייך אין 14טן י״ה.

מאַלפּעס פאַר די פאַכוועס, און מענטשן פאַר די פּיס;
ווען ס'איז אַ מענטש צו שנעל אויף זיינע פיס, מוז ער
הילצערנע זאָקן טראָגן.

**ליר:** זאָג, ווער איז עס געווען, וואָס האָט דיך נישט דער־
קענט און האָט דיך דאָ אריינגעזעצט?

**קענט:** ס'איז ביידע, ער און זי,

**ליר:** ניין.

**קענט:** יאָ.

**ליר:** ניין, זאָג איך.

**קענט:** און איך זאָג יאָ.

**ליר:** ניין, ניין, זיי וואָלטן ניט געוואַגט צו טאָן.

**קענט:** יאָ, זיי האָבן עס געטאָן.

**ליר:** איך שווער ביי יופּיטער, אַז ניין.

**קענט:** איך שווער ביי יונא, אַז יאָ.

**ליר:** זיי האָבן ניט געוואַגט עס טאָן.
זיי האָבן ניט געקאָנט און ניט באַדאַרפט
עס טאָן; ס'איז ערגער נאָך פון מערדעריי,
צו שטעלן זיך אַנטקעגן מיר מיט גוואַלט.
דערצייל מיר פּשוט אָבער אייל זיך ניט,
מיט וואָס האָסטו זיך עס אַזוי פאַרזינדיקט
זיי זאָלן דיך אַזוי באַהאַנדלען,
דיך, אונזער דינער?

**קענט:** מיין האַר, ווען כ'בין געווען אין זייער הויז,
האָב איך אייערע ווירדיקע בריוו דערלאַנגט,
און איידער כ'האָב זיך אויפגעשטעלט פון אָרט,
וואו כ'האָב אין אונטערטעניקייט געקניט,

איז אָנגעקומען אַ שליח באַלד
אין אייל, צעקאָכט, האַלב אָטעמלאָז, און פון
דיין טאָכטער גאָנעריל אַ גרוס געבראַכט.
און מיך ניט אַכטנדיק דערלאַנגט זיי בריוו
וואָס מ'האָט געלייענט באַלד. און נאָך די בריוו
האָט מען גערופן די באַדינטע גלייך,
די פערד גענומען און געהייסן מיך
זיי נאָכגיין, ביז כ'וועל ביי געלעגנהייט
פון זיי אַן ענטפער קריגן; און געוואָרפן
אַזלעכע קאַלטע בליקן מיר; און דאָ
האָב איך דעם אַנדערן שליח געטראָפן,
און וועמעס אויפנאַמע, ווי איך האָב באַמערקט,
פאַרסמט האָט מיין גערוס — (ס'איז דער זעלבער לומפּ
וואָס איז די לעצטע צייט באַגאַנגען זיך
מיט חוצפּה קעגן אייער מאַיעסטעט).
און ווייל איך האָב פאַרמאָגט מער מענער-שטאָלץ
ווי ווּיסן, האָב איך מיין שווערד אַרויסגעצויגן.
ער'ט אויפגעוועקט דאָס הויז מיט גוואַלטיקן
און מוראדיקן געשריי; ס'האָט אייער זון,
און טאָכטער, פאַר מיין זינד געפונען דאָן
פאַר פּאַסיק אָט-די פיינפולע שטראָף.

ליר: דער ווינטער איז נאָך ניט פאַריבער, אויב
די ווילדע גענדז פריי פליען דאָ אַרום. (זינגט זיך צו)
די טאַטעס וואָס גייען אין שמאַטעס,
מאַכן קאַלט ביי די קינדער דאָס בלוט;
נאָר האָבן מזומן די טאַטעס
דאַן זיינען די קינדער שוין גוט.
פאָרטונאַ, דורכגעטריבענע הור,
ווייזט ניט דעם קבצן קיין שפּור.
דאָך מיט אַלצדינג וועסטו גענוג נאָך האָבן צרות פון
דיינע טעכטער, אַז דו וועסט די צרות ניט קענען אויס-
ציילן אַפילו אין אַ יאָר.

ליר: אַ! ווי עס שטייגט דער ווייטיק מיר צום האַרצן!
אַראָפּ, דו קלעטערדיקער פּיין, אַראָפּ!
דיין אָרט איז אונטן, וואו איז זי, די טאָכטער?

קענט: ביים גראַף, מיין האַר, דאָ אין שלאָס.

ליר: גיי מיר נישט נאָך; בלייב דאָ.
(גייט אַוועק)

ריטער: קיין גרעסערע עוולה, ווי די וואָס דו האָסט איצט דערציילט, ביסטו ניט באַגאַנגען קעגן זיי?

קענט: ניין.
ווי קומט עס, וואָס דער קעניג איז דאָ מיט
אַזאַ גאָר קליינער צאָל נאָכפאָלגער?

ליץ: און וואָלט מען דיך פאַר אָט דער פראַגע אין קלאַמער-קלאָץ געזעצט, וואָלסטו עס כשר פאַרדינט.

קענט: פאַרוואָס, ליץ?

ליץ: מיר וועלן דיך שיקן זיך לערנען ביי דער מילב, כדי זאָלסט אויסגעפינען אַז ווינטער איז קיין אַרבעט נישט פאַראַן. אַלע די, וואָס גייען נאָך די נעזער זייערע, ווערן געפירט דורך זייערע חושים. אַחוץ די בלינדע לייט; און ס׳איז נישטאָ אַ נאָז צווישן צוואַנציק, וואָס זאָל נישט דערשמעקן יענעם וואָס שטינקט. לאָז אָפּ דיין האַנט, ווען ס׳קייקלט זיך אַ גרויס ראָד אַרונטער פון דעם באַרג. אַניט וועט דיר דאָס ראָד דעם רוקנביין צעברעכן, נאָכציענדיק דיך נאָך זיך; ווען אָבער דאָס גרויסע ראָד גייט באַרג אַרויף, דאַן האַלט זיך אָן און גיי עס נאָך. ווען ס׳גיט אַ קלוגער דיר אַ בעסערע עצה, דאַן גיב מיר מיין עצה צוריק; איך וויל אַז ס׳זאָלן זי פאָלגן בלויז די נאַראָנים, ווייל די עצה גיט אַ נאַר אַליין. (זינגט)
אַ מענטש וואָס דינט אייך בלויז פאַר געלט,

און גייט לפנים בלויז אייך נאָך,
אַנטלויפט ווען ס׳רעגנט אויף דער וועלט,
און לאָזט אין שטורעם אייך, אין בראָך.
דאָך איך בלייב דאָ, דער נאַר בלייבט שטיין,
און לאָזט דעם קלוגן לויפן גאָר;
דער לומפּ ווערט נאַר ווען לויפט אַליין,
דער נאַר איז נישט קיין לומפּ, ס׳איז וואר!

**קענט:** וואו האָסטו עס געלערנט, ליץ?

**ליץ:** נישט אין קלאָמער־קלאָץ, נאַר.
(ליר קומט צוריק מיט גלאָסטערן)

**ליר:** זיי ווילן מיט מיר ניט רעדן? זיי זיינען קראַנק?
זיי זיינען מיד? אַ גאַנצע נאַכט געפאָרן?
בלויז פאַלשע תירוצים, צייכנס פון רעוואָלט
און אויפשטאַנד! ברענג מיר אַ בעסערן ענטפער.

**גלאָסטער:** מיין ליבער האַר,
איר קענט דעם הערצאָגס היציקע נאַטור,
ווי שטאַרק פאַרעקשנט און ווי האַרט ער איז
אין זיין באַשלוס.

**ליר:** פעסט! נקמה! טויט! פאַרניכטונג!
וואָס „היציקע״? „נאַטור״? אָ, גלאָסטער, גלאָסטער!
כ׳וויל רעדן מיט דעם הערצאָג און זיין ווייב.

**גלאָסטער:** גאַנץ גוט מיין האַר, איך האָב דאָס זיי געזאָגט.

**ליר:** האָסט זיי געזאָגט? פאַרשטייסט מיך, מענטש?

**גלאָסטער:** געוויס, מיין ליבער האַר.

**ליר:** דער קעניג וויל מיט קאָרנוואָלן רעדן;
עס וויל דער פאָטער מיט זיין טאָכטער רעדן;
באַפעלט איר, זי זאָל פאָלגן, האָסט עס זיי געזאָגט?
מיין אייגן בלוט און לעבן! „היציקייט״?

דער „היציקער" הערצאָג! (צו גלאָסטער) זאָג אים, אַז —
דאָך ניין, נאָך נישט — קען זיין ער פילט נישט גוט;
ס'מאַכט קראַנקהייט אונז פאַרנאַכלעסיקן יעדע דינסט,
צו וואָס עס איז פאַרפליכטעט דאָס געזונט;
מיר זיינען גאָר נישט דאָס, וואָס מיר דאַרפן זיין,
ווען די נאַטור באַדריקט, באַצווינגט די זעל
צוליידן מיט דעם קערפּער. איך וועל דולדן;
עס האָט מיין אימפּעט מיך שוין ווייט פאַרפירט —
כ'זאָל צופּאַסן דעם ביזן, קראַנקהאַפטן אויסברוך
צו אַ געזונטן מענטש. (קוקנדיק אויף קענטן) זאָל אַלץ
צום טייוול גיין!
פאַרוואָס זיצט ער אַט־דאָ? יאָ, דאָס באַווייזט
אַז דאָס אַוועקגיין פון דעם הערצאָג מיט
מיין טאָכטער איז צוליב אַ פאַלשן גרונט!
לאָזט מיר דעם דינער מיינעם פריי; — גייט, זאָגט
דעם הערצאָג און זיין ווייב, אַז כ'וויל מיט זיי
איצט רעדן דאָ גלייך טאַקע אויפן אָרט!
הייסט זיי דאָ קומען און מיך אויסהערן,
ווען ניט וועל איך זיך באַלד צעפּויקן מיט
מיין גאַנצער קראַפט אין זייער קאַמער־טיר,
ביז טומל וועט פאַרטיליקן דעם שלאָף.

**גלאָסטער:** הלוואי, ס'זאָל אַלצדינג גוט זיין צווישן אייך! (גייט אַוועק).

**ליר:** אָ, ווי, מיין האַרץ! מיין שטורמיק האַרץ! ווער רואיק!

**ליץ:** רעדסט פעטערל צו דיין האַרץ, ווי די נאַרישע קעכין האָט גערעדט צו די פיש, ווען זי האָט זיי לעבעדיקערהייט אין דער קלעפּעדיקער יויך אַריינגעלייגט; זי האָט זיי אָנגעקלאַפּט מיט אַ שטעקן איבער די קעפּ, און אויסגעשריען „ווערט רואיק, איר פאַרדאָרבענע, ווערט רואיק!" איר ברודער איז עס דאָן געווען, וואָס האָט צוליב איינ־

פאכער גוטסקייט צו זיין פערד באשמירט דאס היי מיט
פוטער.
(קארנוואל, רעגאן, גלאסטער און באדינער טרעטן אויף)

**ליר:** גוט מארגן איך ביידן.

**קארנוואל:** מיין גרוס איך, גנעדיקער האר!
(קענט ווערט באפרייט פון קלאמער-קלאץ)

**רעגאן:** עס פרייט מיך צו זען אייער מאיעסטעט.

**ליר:** רעגאן, איך רעכן, ספרייט דיך; און כ'ווייס פארוואס,
איך האלט אזוי. אויב ס'וואלט דיך ניט געפרייט,
וואלט איך געשיידט זיך פון דיין מוטערס קבר,
וואס האלט אין זיך א זונה דארט באערדיקט.
(צו קענט) א, דו ביסט פריי?
איך וועל עס לאזן אויף אן אנדערש מאל.
געליבטע רעגאן, דיין שוועסטער איז א גארנישט!
רעגאן! זי האט אריינגעשטאכן דא
(ווייזט אויף זיין הארץ)
ווי א קארשון, די בייזע ציינער טיף.
איך קען קוים רעדן; קענסט גאר נישט באגרייפן
ווי ס'איז געפאלן מיין געמיט, רעגאן!

**רעגאן:** איך בעט דיך, האב געדולד, מיין האר; איך גלויב,
ווייסט ווייניקער צו שאצן איר פארדינסט
ווי זי צו מינערן איר פליכט.

**ליר:** זאג מיר, פארוואס?

**רעגאן:** איך קען ניט גלויבן, אז מיין שוועסטער זאל
פארפעלן אויף א האר צו טאן איר פליכט.
אויב זי האט, מעגלעך קאנטראלירט דעם טומל
פון אייערע באגלייטער, איז עס, האר
געוועזן צוליב אזא מין שטארקן גרונט
און צוועק, אז זי פארדינט קיין פארוואורף ניט.

**ליר:** מיין קללה אויף איר קאָפּ!

**רעגאַן:** אָ, האַר! איר זייט שוין אַלט;
נאַטור אין אייך שטייט אויף דעם לעצטן ראַנד
פון איר באַגרענעצטקייט; איר דאַרפט געפירט
און קאָנטראָלירט ווערן פון עמיצן
וואָס ווייסט דעם צושטאַנד אייערן פיל בעסער
ווי איר אַליין. איך בעט דעריבער אייך,
קערט זיך צו אונזער שוועסטער צוריק אַהיים,
און זאָגט איר, האַר, איר האָט איר וויי געטאָן.

**ליר:** איר בעטן מיך אַנטשולדיקן?
דו פילסט דען ווי דאָס פּאַסט פאַר מיר צו זאָגן:
„מיין ליבע טאָכטער, איך גיב צו: כ'בין אַלט;
די עלטער איז אָן נוץ; איך קני און בעט (ער קניט)
באַזאָרגט מיך מיט אַ קלייד, אַ בעט און שפּייז"?

**רעגאַן:** גענוג, מיין האַר, דאָס זיינען נאַרישע שטיק.
קערט זיך אום אַהיים צו אונזער שוועסטער צוריק.

**ליר:** דאָס קיינמאָל ניט, רעגאַן.
(ער שטייט אויף)
זי האָט פאַרקלענערט האַלב פון מיינע באַדינער;
מיך אָנגעקוקט מיט כעס, און מיט איר צונג
געשטאָכן ווי אַ שלאַנג אין האַרצן מיר.
דעם הימלס אָנגעזאַמלטע נקמה זאָל
אויף איר אומדאַנקבאַרן קאָפּ אַראָפּנידערן!
און דו, פאַרשניידנדיקער ווינט, פאַרצער
די יונגע ביינער איר!

**קאַרנוואָל:** פוי, מיאוס, מיין האַר!

**ליר:** דו פלינקער בליץ, וואַרף אין איר שטאָלצן בליק
דיין בלענדנדיקן פלאַם! פאַרפּעסט איר,
איר שיין-געזיכט; דו זומפּ-טומאַן,

געשטיגן דורך דער מאַכט פון זון, פאַרדאַרב,
צעשטער איר שטאָלץ!

**רעגאַן:** אָ, געטער!
אַזוי וועט איר אויך שעלטן מיר, ווען ס׳וועט
דער ווילדער צאָרן קומען.

**ליר:** אָ, ניין, רעגאַן, כ׳וועל קיינמאָל שעלטן דיך;
דיין צאַרט און איידל האַרץ וועט קיינמאָל ניט
דערלויבן דיר זיין שטרענג; איר אויג מיך שטעכט,
דאָך דיינס שענקט טרייסט און ברענט ניט. ס׳ליגט ניט אין
דיין טבע ניט פאַרגינען מיר מיין פרייד,
פאַרקלענערן די צאָל פון מיינע דינער,
מיט בייזע רייד מיר ענג מאַכן מיין פּלאַץ,
און ענדלעך גאָר פאַר מיר די טיר פאַרשפּאַרן.
ווייסט בעסער דאָך די פליכטן פון אַ קינד,
דעם קנופּ וואָס בינדט, די לערע פון גענאָד,
די פליכט פון דאַנקבאַרקייט; דו האָסט דיין העלפט
פון דער מלוכה ניט פאַרגעסן נאָך,
די העלפט מיט וואָס כ׳האָב דיר באַשענקט.

**רעגאַן:** נו, גנעדיקער האַר, צום פּונקט!

**ליר:** ווער האָט אַריינגעזעצט מיין דינער אין די קלאַמער-
קלעצער?
(עס הערן זיך טראָמפּייטן)

**קאָרנוואָל:** וואָס איז עס פאַר טראָמפּייטן-שאַל?

**רעגאַן:** יאָ, כ׳ווייס, ס׳איז פאַר מיין שוועסטערס וועגן.
אָט דאָס באַשטעטיקט גראָד איר בריוו, אַז זי
וועט באַלד דאָ זיין. (אָסוואַלד טרעט אויף)
איז שוין דיין לײדי אָנגעקומען?

**ליר:** דאָס איז אַ שקלאַף וועמעס שטאָלץ עס איז געוועגדט
אָן וואַקלדיקן גנאָד פון דער וואָס ער
גייט נאָך. אַוועק פון מיינע אויגן, לומפּ!

**קאָרנוואָל:** וואָס מיינט דערמיט מיין האַר?

**ליר:** ווער האָט מיין דינער דאָ פאַרשפּאַרט, רעגאַן?
איך גלויב דו האָסט פון דעם גאָרניט געוואוסט —
ווער קומט דאָ אָן? אָ, געטער!
(גאָנעריל טרעט אויף)
אויב איר האָט אַלטע ליב; אויב אייער מאַכט,
די מילדע, וועט נאָר מיטהאַלטן, אויב איר
אַליין זייט אַלט, טאָ פירט מיט מיר מיין קאַמף;
נו, קומט, און נעמט זיך אָן פאַר מיר!
(צו גאָנעריל)
דו שעמסט זיך ניט צו קוקן אויף מיין באָרד?
רעגאַן, ווילסט אויסשטרעקן אויף איר דיין האַנט?

**גאָנעריל:** פאַרוואָס נעמסטו מיין האַנט ניט אָן?
וואָס האָב איך פאַר אַן אומרעכט דען געטאָן?
ניט אַלץ הייסט זינד, וואָס טפשות האַלט עס פאַר
אַ זינד און אַלטקייט רופט עס אָן אַזוי.

**ליר:** אָ, נערוון! איר זייט צו שטייף!
וועט איר עס אויסהאַלטן?
ווי קומט מיין דינער אין דעם קלאַמער-קלאָץ?

**קאָרנוואָל:** איך האָב אים דאָרט אַריינגעזעצט, מיין האַר;
דאָך זיין צעלאָזטקייט האָט קלענערן שטראָף פאַרדינט.

**ליר:** איר? איר האָט עס געטאָן?

**רעגאַן:** איך בעט אייך, פאָטער, איר זייט אַלט, איר ווייסט.
אויב ביז צום סוף פון אייער חודש, וועט
איר צוריקגיין און פאַרבלייבן מיט מיין שוועסטער,
באַפרייענדיק אַ העלפט פון אייער דינער,
דאַן קומט צו מיר; איך בין איצט ווייט פון הויז
און בין ניט גרייט, ווי ס׳פּאַסט, אייך אונטערהאַלטן.

**ליר:** צוריק צו איר? און פופציק לייט אַנטזאָגט?
ניין, גיכער שוין פאַרבלייבן אָן אַ דאַך,
און מיט די בייזקייטן פון דער נאַטור
מלחמה פירן, און אַ חבר ווערן
מיטן וואָלף און סאָווע. — אָ, דו שאַרפע נויט!
צוריק צו איר? אָ, ניין, כ'וועל בעסער שוין,
זיך קערן צום היציקן פראַנצויז וואָס האָט
מיין יינגסטע קינד גענומען אָן נדן, —
איך וואָלט שוין גיכער פאַר זיין טראָן געקניט,
און ווי אַ קנעכט אויך אויסבעטלען ביי אים
מיין פענסיע און מיין אָרעם שטיקל ברויט. —
צוריק צו איר? פאַרלאַנג שוין ליבערשט איך
זאָל ווערן שקלאַף און לאַסט-פערד צו אָט דעם
פאַסקודנעם לומפּ! —
(ווייזנדיק אויף אסוואלד)

**גאָנעריל:** ווי אייך געפעלט, מיין האַר.

**ליר:** איך בעט דיך, טאָכטער, מאַך מיך נישט משוגע!
איך וויל נישט דיר צו לאַסט זיין, קינד, לעב וואויל!
מיר וועלן מער נישט זען זיך, מער נישט טרעפן.
און דאָך ביסטו מיין פלייש, מיין בלוט, מיין קינד;
נאָר, ניין, דו ביזט אַ קראַנקהייט אין מיין לייב,
וואָס איך מוז האַלטן אייגנס; ביזט אַ וואונד,
אַ בלאָטער, אַ געשוויר אין מיין קראַנק בלוט.
דאָך וויל איך דיך ניט שעלטן; זאָל שאַנד קומען
ווען ס'ווילט זיך איר אַליין, איך רוף זי ניט;
איך היים ניט דונערן דעם דונער-טרעגער.
איך מסר ניט אויף דיר פאַר יופּיטער: —
קענסט תשובה טאָן ווען ס'גלוסט זיך דיר אַליין;
איך האָב געדולד; כ'קען בלייבן ביי רעגאַן, —
איך מיט די הונדערט ריטער.

**רעגאַן:** אָ, ניין, עס איז ניט אַלץ אַזוי!
איך האָב זיך גראַד אויף אייך נאָך ניט געריכט,
און בין איך אויפצונעמען נאָך ניט גרייט.
הערט צו זיך צו מיין שוועסטער, הערט; ווייל ווער
נאָר אייער צאָרן מיט פאַרשטאַנד באַגרייפט,
מוז דענקען מיט צופרידנקייט, אַז איר
זייט אַלט, און — דאָך, זי ווייסט שוין וואָס זי טוט.

**ליר:** דו דענקסט, האָסט אמתדיק גערעדט?

**רעגאַן:** איך מוז באַשטעטיקן, מיין האַר, וואָס דען?
צו זיינען פופציק דינער ניט גענוג?
וואָס דאַרפט איר מער? דאָס זיינען אויך צופיל
ווי לאַנג געפאַר און לאַסט רעדט קעגן זיי, —
אַזאַ מין גרויסע צאָל? ווי קענען דען
אַזויפיל לייט, אין זעלבן הויז, ביי צוויי
פאַרשיידענע הערשער גאָר אין פריינטשאַפט זיין?
ס'איז שווער, כמעט אוממעגלעך גאָר.

**גאָנעריל:** פאַרוואָס, זאָגט, קענען ניט באַדינען אייך,
מיין האַר, מיין שוועסטערס דינער אָדער מיינע?

**רעגאַן:** פאַרוואָס דען טאַקע ניט, מיין האַר? ווייל ווען
זיי וואָלטן ווערן נאַכלעסיק, וואָלטן מיר
זיי דאַן באַשטראָפט. אויב איר קומט נאָר צו מיר
(ווייל איך זע איצט געפאַר), נו, בעט איך אייך,
ברענגט מיט נאָר פינף־און־צוואַנציק, ווייל איך וועל
ניט מאַכן פלאַץ פאַר מער.

**ליר:** און איך האָב אייך אַוועקגעגעבן אַלץ.

**רעגאַן:** און אויך אין רעכטער צייט.

**ליר:** כ'האָב אייך געמאַכט פאַר די פאַרוואַלטערנס;
פאַר זיך האָב איך געלאָזן נאָר די צאָל
באַדינער. וואָס! איך מוז איצט ברענגען דיר
בלויז פינף און צוואַנציק. דו האָסט עס געזאָגט?

**רעגאַן:** און כ'זאָג עס נאָכאַמאָל, מיין האַר; ניט מער מיט מיר.

**ליר:** די שלעכטע זיינען צו דער ליידן נאָך,
ווען אַנדערע זיינען ערגערע פון זיי;
(צו גאנעריל) יאָ, טאָכטער גאנעריל, איך גיי מיט דיר.
דיין פופציק מאַכט שוין צוויי מאָל פינפאונצוואַנציק,
און דו ביזט צוויי מאָל אַזוי ליב ווי זי.

**גאנעריל:** הערט מיך, מיין האַר.
וואָס דאַרפט איר פינף־און־צוואַנציק, צען, צי פינף
אייך נאָכגיין אין אַ הויז, וואו ס'איז פאַראַן
צוויי מאָל אַזוי פיל אייך צו באַדינען.

**רעגאַן:** נאָך וואָס אפילו איינעם?

**ליר:** אָ! דינג זיך ניט אין וואָס איך נויטיק זיך;
דער נידעריקסטער בעטלער האָט נאָך אין
דער גרעסטער נויט מער ווי ער ב'דאַרף. גיב נאָר
דעם מענטש, דאָס וואָס ס'נויטיקט זיין נאַטור,
און ער איז מיט דער חיה גלייך. דו ביסט
אַן איידעלע פרוי. ווען וואַרעם גייט געקליידט
וואָלט נויטיקן זיך אין פראַקטיקייט — אָ, ניין.
עס דאַרף ניט די נאַטור דעם גלאַנץ און פראַכט
וואָס האַלט דיך וואַרעם קוים. דאָך אמתע נויט —
גיט, געטער, מיר געדולד, איך דאַרף געדולד!
איר זעט מיך, געטער, דאָ אַן אַלטן מאַן,
געבויגן דורך לייד און עלטער; צוויי מאָל עלנט!
אויב איר האָט מיינע טעכטער אָנגערייצט
אויף זייער טרייען פאָטער, נאַרט מיך ניט,
איך זאָל פאַרטראָגן אַלצדינג מיט געדולד;
וועקט אויף אין מיר דעם שטאָלצן צאָרן, און לאָזט
ניט ווייבערשן געוועער, די טרערן, מיר
מיין מאַנזביל־באַק באַנעצן! ניין, איך וועל

פון אייך, איר ווילדע מכשפות צוויי!
אַזאַ נקמה נעמען, אַז עס וועט
די גאַנצע וועלט — איך וועל אַזאַ זאַך טאָן —
איך ווייס ניט וואָס; דאָך וועט עס זיין
גאָר מוראדיק אַ גרויל. איר מיינט: כ׳וועל וויינען?
ניין, וויינען וועל איך דווקא גאָר שוין ניט,
כאָטש איך האָב שטאַרק אויף וואָס צו וויינען דאָך.
שוין בעסער ס׳זאָל צעברעכן זיך דאָס הארץ
אין טויזנט שטיקער איידער איך וועל וויינען.
אָ, ליר, איך וועל אַראָפּ פון זינען.
(ליר, גלאָסטער, קענט און דער ליץ טרעטן אָפּ)

קאָרנוואָל: לאָמיר אַריינגיין, ס׳קומט אָן אַ שטורעם.
(שטורעם און דונער הערט זיך פון דער ווייט)

רעגאַן: דאָס הויז איז קליין, ס׳וועט ניט
גענוג זיין פאַר דעם אַלטן און באַדינער זיינע דאָ.

גאָנעריל: ס׳איז זיין שולד; האָט רואיק בלייבן ניט געקענט;
נו, מוז ער איצט געניסן די פּרוכט פון זיין אייגענעם
אומזין.

רעגאַן: וואָס אים אַליין געהערט, נעם איך אים גערן אויף;
דאָך קיינעם ניט פון די באַדינער.

גאָנעריל: און איך טו אויך אַזוי.
וואו איז מיין לאָרד גלאָסטער?

קאָרנוואָל: דעם אַלטן נאָכגעגאַנגען. ער קומט צוריק. (גלאָ־
סטער קומט אַריין).

גלאָסטער: דער קעניג איז אין גרויסן צאָרן.

קאָרנוואָל: וואו גייט ער, וואו?

גלאָסטער: ער וויל זיין פערד; דאָך ווייס איך ניט וואוהין.

**קארנוואל:** ס'איז בעסער לאָזן אים צורו; ער פירט אַליין זיך וואו ער וויל.

**גאנעריל:** מיין לאָרד, ניט בעטן אים אויף קיין פאַל דאָ צו בלייבן.

**גלאָסטער:** אָ, גאָט, די נאַכט קומט אָן,
און שאַרפע ווינטן ווייען שניידנדיק.
עס איז ניטאָ קיין בוים פאַר מיילן ווייט אַרום.

**רעגאן:** אָ, האַר, דעם עקשן ווערט
די צרה וואָס ער גרייט פאַר זיך אַליין,
דער בעסטער לערער. שליס די טירן צו.
די דינער זיינע זיינען שרעקלעכע;
ווער ווייסט צו וואָס זיי וועלן אים נאָך העצן,
ווייל ס'קאָן זיין אויער ווערן גרינג פאַרפירט.
פאָרזיכטיקייט הייסט היטן זיך.

**קארנוואל:** שליסט צו די טירן, האַר; די נאַכט איז ווילד,
רעגאן איז גערעכט; לאָמיר זיך שיצן פון שטורעם.
(זיי גייען אוועק)

**(סוף פון צווייטן אַקט).**

# דריטער אַקט

## ערשטע סצענע

(אַ ווּיסטער פּלאַץ. שטורעם, דונערן און בליצן.
קענט און אַ ריטער קומען פון פאַרשיידענע
זייטן און באַגעגענען זיך).

**קענט:** ווער איז דאָ פאַראַן, חוץ דעם שלעכטן וועטער?

**ריטער:** אַ מענטש, וואָס איז אומרואיק ווי דער שטורעם.

**קענט:** איך קען אייך. זאָגט, וואו איז דער קעניג?

**ריטער:** אין קאַמף מיט די צאָרנדיקע עלעמענטן;
ער הייסט דעם ווינט די ערד אין ים פאַרטראָגן,
די וואַסער-תהומען זאָלן זי פאַרפלייצן,
אַז אַלץ זאָל ענדערן זיך אָדער אונטערגיין;
ער פליקט די גרויע האָר זיך, וואָס דער שטורעם
כאַפּט אויף מיט בלינדן צאָרן און צעוואַרפט.
ער וויל אין גאָר זיין קליינער מענטשנוועלט
דעם קאַמף מיט ווינט און שלאַקס-רעגן געווינען.
אין אַזאַ נאַכט, ווען אויך דער יונגער בער
ליגט טיף באַהאַלטן אין זיין הייל, דער לייב
און בייזער וואָלף זיי שווינען זייער פעל,
לויפט ער אַרום אַזוי מיט הוילן קאָפּ,
און שרייט, ס'זאָל אַלץ צום טייוול גיין.

**קענט:** דאָך ווער איז דאָרט מיט אים?

**ריטער:** דער לץ בלויז, וועלכער שטרענגט זיך אָן פאַר־
לאַכן זיין גרויסן פיין און בראָך.

קענט: איך קען אייך, האר;
און וואַג איצט, דורך מיין אויפפּאַסונג און וויסן,
אייך וויכטיקס צו פאַרטרויען. ס'האָבן זיך
צעקריגט, — אויך ווען זיי האַלטן נאָך דעם פאַקט
פאַרדעקט מיט כיטרעקייט — אלבאַני
און קאָרנוואָל; זיי האָבן — און ווער האָט
עס נישט, פון יענע וועמענס מזל ס'איז
דערהויבן און געקרוינט? — באַדינער, טריי
פאַרן אויסערלעכן אויג, און זיינען דאָך
פאַר פראַנקרייך גאָר שפּיאָנען, אָדער וועכטער,
וואָס וויסן אונזער צושטאַנד זייער גוט;
פון יעדער צאַנקעריי, אינטריגע, וואָס
ס'איז פאָרגעקומען צווישן אונזערע פירשטן;
פון שווערן יאָך, וואָס ביידע האָבן אויף
דעם אַלטן גוטן קעניג אַרויפגעלייגט;
צי גאָר פון מער פאַרבאָרגענע זאַכן,
וואָס זיינען שרעקלעכער פון אַלץ ביז איצט.
דאָך ס'איז באַשטימט, פון פראַנקרייך קומט אַ גרויסע
אַרמיי אַהער אין דעם צעריסענעם לאַנד;
וואָס זי האָט שוין, אַ דאַנק איר קלוגשאַפט,
און דורך אונזער אייגענעם פאַרזאַמען זיך,
אַריינגעשטעלט אַ פוס אין עטלעכע
פון אונזערע בעסטע, שטאַרקסטע האַפנס
און איז שוין גרייט צו אויפהויבן איר פאָן.
און וואָס ס'איז אייך נוגע; אויב איר וואַגט
צו בויען אויף מיין וואָרט און איילן זיך
קיין דאָווער, וועט איר עטלעכע טרעפן דאָרט,
וואָס ווילן דאַנקען אייך, דערציילן אייך
גענוי, פאַר וועלכע אומנאַטירלעכע
און זין־פאַרווירנדיקע ליידן ס'האָט
דער קעניג גרונט פאַרוואָס זיך צו באַקלאָגן.
איך בין אַן אַדלמאַן פון אַלטן יחוס;

אונ ווייל איך קען אַ ביסל אייך און גלויב
אין אייך, פאַרטרוי איך אייך דעם אמת.

**ריטער:** איך וויל אייך נאָך־וואָס זאָגן.

**קענט:** ניין, טוט עס נישט; —
און צו באַשטעטיקן, אַז איך בין מער
ווי איך זע אויס, מאַך איך דעם בייטל אויף,
און נעמט דאָרט אַלץ; און אויב איר טרעפט קאָרדעליאַן—
אין וואָס איך צווייפל נישט — ווייזט איר דעם רינג;
און זי וועט זאָגן ווער ס'איז אייער פריינט,
וואָס איז דערווייל אייך נאָך נישט באַקאַנט.
הו, ס'אַרא שטורעם; איך גיי דעם קעניג זוכן.

**ריטער:** גיט מיר די האַנט. איר האָט נאָך עפּעס מער צו זאָגן?

**קענט:** נישט פיל, דאָך וויכטיק איז עס זייער שטאַרק;
אַז ווען מיר וועלן טרעפן שוין דעם קעניג —
איר גייט מיט דעם און איך מיט יענעם וועג —
און ווער עס וועט דער ערשטער אים באַגעגענען —
זאָל רופן דאַן דעם אַנדערן צו זיך.
(זיי גייען אָפּ אין פאַרשיידענע זייטן)

צווייטע סצענע

(אַן אַנדער געגנט אויף דעם פעלד. דער שטורעם האַלט אָן. עס טרעט אויף ליר און דער לץ).

**ליר:** בלאָזט, ווינטן, בלאָזט! און זאָלן פּלאַצן
די באַקן אייערע! איר ווילדע וויכערס
און אוראַגאַנען, גיסט ביז איר וועט טיף
די טורעמס אונזערע אַדורכווייקן,

דעם וועטער־האָן דערטרינקען און פאַרפלייצן!
איר שוועבלדיקע בליצן, שנעלער פון
געדאַנק, איר פלינקע לויפער אין פאָראויס
דעם דעמב־צעשפּאַלטנדיקן דונער־קנאַל,
פאַרסמאַליעט מיר מיין אַלטן גרויען קאָפּ!
און דו, פאַרניכטנדיקער דונער, דו,
צעשטער די דיקע רונדקייט פון דער ערד!
צעברעך די פאָרמען פון נאַטור, פאַרניכט
ביז גאָר, די זוימען וואָס באַשאַפט אַ מענטשן,
וואָס ווייסט ניט פון קיין דאַנקבאַרקייט.

**ליץ:** אָך פעטערל, ס'איז בעסער שוין צו טרינקען וואַסער אין אַ טרוקן הויז, איידער דאָס רעגן־וואַסער אין דרויסן. ליבער פעטערל, קומט אַריין, בעט זיך איבער מיט אייערע טעכטער; דאָס איז אַ נאַכט, וואָס האָט קיין מיטלייד נישט אויף קלוגע און אויך ניט אויף נאַראָנים.

**ליר:** ברומט בייז און פריי! שפּייט שטיקער פייער, רעגן!
דו רעגן, ווינט, דו דונער, און דו פייער,
אַ, ניין, ניט איר זייט מיינע טעכטער, ניין;
ניט איר זייט גרויזאַם, אַזוי שלעכט צו מיר;
ניט אייך האָב איך אַ קעניגרייך געגעבן,
ניט אייך האָב איך גערופן: „מיינע קינדער",
עס איז ניט אייער פליכט מיר כבוד אָנטאָן;
טאָ לאָזט צעשפּילן אייער בייזע לוסט;
איך שטיי דאָ, אייער שקלאַף, אַן אַלטער מאַן,
צעבראָכן, עלנד, אָרעם און פאַראַכט;
דאָך קנעכטישע באַדינער רוף איך אייך,
וואָס איר האָט מיט פאַרדאָרבענע שוועסטער צוויי
געמאַכט אַ בונד צו צילן אייערע פיילן
אַנטקעגן אַזאַ אַלטן גרויען קאָפּ,
ווי דער, אָ! אָ! עס איז אַ שאַנד! —

**ליר:** ווער ס'האָט אַ הויז, זיין קאָפּ אַריינצושטעקן,
דער האָט במילא שוין אַ גוטע היטל.
ווער ס'היילט די פּיס-פינגער דערמיט
וואָס פאַר זיין האַרץ בלויז טויג,
דער קאָן פון שמאַרץ נישט טאָן אַ טריט
און מאַכט בייגאַכט נישט צו אַן אויג.
ווייל ס'האָט נאָך נישט פּאַסירט אַז אַ שיינע פרוי, זאָל
נישט ליב האָבן חנדלען זיך פאַרן שפּיגל.

**ליר:** ניין, איך וויל זיין אַ מוסטער פון געדולד; כ'וועל
גאַרנישט זאָגן מער.
(קענט טרעט אויף)

**קענט:** ווער איז עס דאָרט?

**ליר:** דאָ איז אַ קלוגער און אַ נאַר.

**קענט:** אָ, איר זייט דאָ, מיין האַר? באַשעפענישן
וואָס האָבן ליב די נאַכט, זיי האָבן דאָך
אַזעלכע נעכט ניט ליב; דעם הימלס צאָרן
דערשרעקט די וואַנדערער פון פינצטערניש,
און אין די היילן זיי באַהאַלטן זיך.
זינט איך געדענק זיך אַלס אַ מענטש, האָב איך
אַזאַ מין פייער-גאָס נאָך ניט געזען,
אַזעלכע מוראדיקע דונערן,
אַזאַ מין ברילנדיקן רעגן-שטורעם
האָב איך נאָך נישט געהערט; אַזעלכע לייד
און שרעק קען קיין שום מענטש דאָך ניט פאַרטראָגן.

**ליר:** אָ, גרויסע געטער,
וואָס שטורמען שרעקלעך, איבער אונזערע קעפּ,
זוכט אייערע פיינט איצט אויף. גרויל-אויף, דו לומפּ,
פאַר די פאַרברעכנס וואָס דו האַלטסט געהיים,
פון דעם געריכט נאָך ניט באַשטראָפט! באַהאַלט
זיך, בלוטיקע האַנט; דו פעלשער, און אויך דו,

וואָס לאַכסט פון טוגנט און אין בלוט־שאַנד לעבסט!
צעשפּאַלט דעם זינדיקן, וואָס אונטערן מאַנטל
פון פריינטשאַפט לויערט אויף אַ מענטשנס לעבן!
איר טיף פאַרשלאָסענע זינד, קומט אויף דער פריי,
און בעט ביי דער גרויזאַמער נאַטור גנאָד. —
איך בין אַ מענטש, אַנטקעגן וועמען מ׳האָט
פיל מער געזינדיקט, איידער ער׳ט געזינדיקט.

קענט: אוי, וויי, מיט הוילן קאָפּ!
מיין האַר, דאָ נאָנט געפינט זיך אַ געצעלט,
וואָס וועט אייך געבן שוץ אַנטקעגן שטורעם;
וואַרט אויף, ביז כ׳וועל צו יענעם האַרטן הויז —
פיל האַרטער פון דעם שטיין אויף וואָס עס שטייט;
דאָס הויז, וואָס האָט, ווען כ׳האָב אויף אייך געפרעגט,
מיך נישט אַריינגעלאָזט — זיך אומקערן גיך
צוריק און צווינגען זיי דערבאַרעמען זיך.

ליר: איך פיל איך גיי אַראָפּ פון זינען. (צום לץ)
ווי גייטס, מיין יונג? קום, קום, מיין יונג. דו פרירסט?
אויך מיר איז קאַלט. וואו איז דאָס שטרוי, מיין פריינט?
די קראַפט פון נויט איז וואונדערבאַר; זי מאַכט
פיל שלעכטע זאַכן ליב. נו, קום אַריין. —
דו אָרעמער לומפּ און נאַר, מיר בלייבט אַ טייל
פון האַרץ נאָך איבער, וואָס באַדויערט דיך.

לץ (זינגענדיק): דעם מענטשן וועמען וויץ נישט פעלט,
דעם אַרט נישט קיין רעגן און קיין ווינט, —
ער פּאַסט זיך צו צום גאַנג פון דער וועלט
ווייל רעגן, רעגנט יעדן טאָג.

ליר: ס׳איז אמת, יונג. — קום ווייז אונז דאָס געצעלט.
(ליר און קענט גייען אַוועק)

לץ: איך וויל נבואות זאָגן, איידער כ׳גיי;
ווען פּריסטער רעדן מערער ווי זיי ווייסן,

ווען אין דעם ביר די ברויער וואַסער גיסן,
ווען לאָרדן ווערן זייערע שניידערס לערער;
ניט לעסטערער, נאָר חתנים ברענט מען מערער,
ווען דאָס געזעץ איז דורך מיט אמת, און מיט רעכט,
ווען קנעכט און אדל — ריין פון שולדן, און גערעכט;
ווען אָפּגעשאָפּט ווערט לשון־הרע, ליגנעריי,
און ס׳גייט דער גנב ניט אַרום אין גאַנצן פריי,
ווען דער פּראָצענטניק ציילט אין דרויסן געלט
און זונות בויען מאָנאַסטירן אויף דער וועלט —
דאַן קומט אין ענגלאַנדס קעניגרייך
כאַאָס און גרויס פאַרווירונג גלייך;
דאַן קומט די צייט, דערלעבט עס ווער צו זען,
ווען מענטשן וועלן אויף אייגענע פיס גיין.
אָט די נבואה וועט מערלין*) פאַראויסזאָגן: ווייל איך
לעב נאָך איידער ער איז געבאָרן.
(טרעט אָפּ)

### ד׳ריטע סצענע

(אַ צימער אין גלאָסטערס שלאָס. גלאָסטער און
עדמונד טרעטן אויף)

**גלאָסטער:** וויי, וויי! עדמונד, עס געפעלט מיר נישט די דאָזיקע אומנאַטירלעכע האַנדלונג. ווען איך האָב זיי געבעטן זיי זאָלן מיר דערלויבן אים אַרויסווייזן מיין מיטגעפיל, האָבן זיי מיר פאַרבאָטן צו געברויכן מיין אייגן הויז; האָבן מיר באַפעלט איך זאָל פון אים ניט רעדן, פאַר אים ניט בעטן, און אויף קיין פאַל אים ניט שטיצן; ווען ניט, וועל איך אויף אייביק זיך ביי זיי פאַרמיאוסן.

**עדמונד:** ס׳איז זייער ווילד און שרעקלאַך!

*) מערלין — דער באַרימטער טרוימער מיט זיינע נביאות.

**גלאָסטער:** נו, גלייכער שווייגן. עס קומט פאַר אַ צאַנקערייַ צווישן די צוויי הערצאָגן; און ערגערס נאָך פון דעם, איך האָב אַ בריוו באַקומען היינט אָוונט — ס'איז געפער־לעך רעדן גאָר פון דעם; איך האָב דעם בריוו פאַרשלאָסן אין מיין קאַבינעט. זיי וועלן שווער באַצאָלן פאַר אַלע ליידן וואָס דער קעניג טראָגט איצט איבער; אַ טייל פון דער אַרמיי קומט באַלד שוין אָן; און מיר מוזן האַלטן מיט דעם קעניג. איך וויל אים אויפזוכן און אים פריינד־לעך אונטערשטיצן. דו, גיי און פאַרפיר אַ געשפּרעך מיט דעם הערצאָג, אַזוי אַז ער זאָל גאָרנישט מערקן וואָס איך וועל דאָ טאָן. אויב ער וועט זיך נאָכפרעגן, זאָג אים אַז איך בין קראַנק און ליג אין בעט. און ווען איך זאָל אַפילו מיטן לעבן באַצאָלן (ווי מ'שרעקט מיך) דאַן מוז דער קע־ניג, מיין אַלטער מייסטער, געהאָלפן ווערן. מאָדנע זאַכן וועלן דאָ פאָרקומען; עדמונד, איך בעט דיך, זיי פאָרזיכ־טיק מיט די רייד.

(ער גייט אַוועק)

**עדמונד:** איך מוז דערציילן באַלד דעם הערצאָג פון
דער טרייהייט וואָס עס איז פאַרבאָטן דיר;
און פון דעם בריוו; עס איז אַ גרויס פאַרדינסט,
מ'וועט מיר באַלוינען וואָס מיין פאָטער פאַרלירט —
איך וועל פאַרנעמען איצט זיין גאַנצן אָרט:
די יונגע שטייגן, וואו אַלטע פאַלן דאָרט.

פערטע סצענע

(אין אַ וויסטן אָרט, אין פראָנט פון אַן אָרים ביידל. עס טרעטן אויף ליר, קענט און דער ליץ).

**קענט:** דאָ איז דאָס ביידל, מיין האַר, אָ, קומט אַריין;

די שרעקלעכקייט פון ווילדער רויער נאַכט
איז פאַר דער מענטשלעכער נאַטור צו שטרענג.

ליר: לאָז מיך צופרידן.

קענט: איך בעט אייך, קומט אריין, מיין האַר.

ליר: דו ווילסט מיין האַרץ צעברעכן?

קענט: כ'וואָלט ליבערשט מיינס צעבראָכן. קומט אריין!

ליר: דו מיינסט, ס'איז מוראדיק דער ווילדער שטורעם,
וואָס דרינגט אונז דורך ביזן ביין. אַזוי פילסטו;
דאָך דאָרטן, וואו אַ גרעסערע קראַנקהייט איז דאַ,
פילט מען די קלענערע קוים. דו לויפסט פון בער;
נאָר ס'פירט דיין לויפן דיך צום בייזן ים —
דאַן לויפסטו בעסער שוין צום בער אין מויל.
ווייל ווען דעם מענטשנס גייסט געפינט זיך פריי
דאַן פילט דער קערפּער צאַרט; דער שטורעם אין גייסט
רויבט פון מיין זין אַ יעדן מין געפיל,
אחוץ מיין וואונד; אומדאַנקבאַרקייט פון קינדער!
צי איז עס ניט, ווי ס'וואָלט דאָס מויל געביסן
די האַנט, וואָס שפּייזט אים!—כ'וועל באַשטראָפן שווער!
איך וועל נישט וויינען מער. אין אַזאַ נאַכט
פאַר מיר די טיר פאַרמאַכן! גיס רעגן, גיס;
כ'האָב מוט. אין אַזאַ נאַכט! רעגאַן, גאָנעריל!
דער אַלטער, גוטער פאָטער אייערער,
וועמעס פרייע האַרץ האָט אייך געגעבן אַלץ —
אָ, אויף דעם דאָזיקן וועג ליגט משוגעת;
זאָל זיין גענוג; נישט מער פון דעם.

קענט: מיין גוטער קעניג, גייט אַריין.

ליר: גיי, דו, איך בעט דיך, זאָרג פאַר זיך אַליין.
דער שטורעם דערלויבט ניט נאָכצוטראַכטן זאַכן
וואָס וואָלטן מער ווי טאָן. דאָך איך גיי. (צום נאַר)

גיי יונג, צוערשט! — דו אָרעמער אָן אַ דאַך, —
נו, גיי! כ׳וועל תפילה טאָן, און גיי באַלד שלאָפן.
(דער ליץ גייט אַריין איןביידל).
איר אָרעם, נאַקעטע, וואו איר זאָלט נישט זיין,
וואָס דולדן דעם שטורעמדיקן בייזן וועטער,
ווי זאָל עס אייער ניט באַשיצטער קאָפּ,
דער הונגעריקער גוף, מיט שמאַטעס בלויז
באַדעקט, אייך שיצן פון אַזאַ מין שטורעם?
איך האָב אַ, ווייניק וואָס געדאַכט פון דעם!
נעם דיין רעצעפּט, בכבודיקער קעניג!
און פיל אַמאָל אויך דו, וואָס אָרעמע פילן,
אַז דו זאָלסט שענקען זיי דיין איבערפלוס,
און ווייזן מער גערעכטיקייט די הימלען.

**עדגאַר** (פון ביידל): אַ קלאַפּטער און אַ האַלב,
אַ קלאַפּטער און אַ האַלב! אומגליקלעכער טאָם! *)
(דער נאַר לויפט אַרויס פון ביידל)

**דער ליץ:** גיי נישט אַריין! פּעטערל, דאָ איז אַ גייסט פּאַ-
ראַן! העלפט! העלפט!

**קענט:** גיב מיר די האַנט. — ווער איז דאָרט?

**ליץ:** אַ גייסט, אַ גייסט! ער זאָגט, מען רופט אים אָרעמער
טאָם.

**קענט:** ווער ביזטו וואָס דו מורמלסט דאָרט אין שטרוי?
קום אַרויס.
(עדגאַר טרעט אויף, פאַרשטעלט אַלס משוגענער)

**עדגאַר:** אַוועק! דער בייזער שד פאַרפאָלגט מיך!
דורך די שאַרפע יאַגדע-דערנער בלאָזט דער קאַלטער ווינט.
הו, גיי אין דיין קאַלטן בעט און וואַרעם זיך!

*) עדגאַר רעדט דאָ, ווי ער וואָלט מעסטן די טיפעניש פון וואַסער, וואָס דער רעגנשטורם האָט געבראַכט; ער רעדט מיט אַ נאָכגעמאַכטער שטים פון אַ שד.

ליר: דו האָסט דען אויך אַלצדינג דיינעביידע טעכטער
אַוועקגעגעבן? און ביזט געקומען צו אַזאַ מדרגה?

עדגאַר: ווער וויל געבן עפּעס דעם אומגליקלעכן טאָם?
דער וואָס דער בייזער רוח האָט געפירט דורך פייער און
דורך פלאַם, דורך טייך און דורך שטראָם, איבער בלאָטע
און זומפּ; דער וואָס האָט מעסערס אונטער זיין קישן
אונטערגעלייגט, און שטריק ביי זיינע פיס; וואָס האָט אין
זופּ זיך גיפט אַריינגעגאָסן; און איז מיט שטאָלץ געריטן
אויף אַ פלינקן פערד איבער אַ שמאָלער בריק, און נאָכ־
געיאָגט זיין אייגענעם שאָטן ווי נאָך אַ פאַררעטער. באַשיץ,
גאָט, דיינע פינף חושים! (טאָם ציטערט פון קעלט. זיינע
ציינער קלאַפּן איינס אין אַנדערן) אָ! דאַ, די, דאַ די, דאַ
די, — זאָל גאָט דיך שיצן פון ווירבל־ווינטן, פון בייזע
שטערן, און פאַרטיליקונג! גיט אַ נדבה דעם אָרעמען
טאָם, אַ דערשלאָגענער פון בייזן ווינט. אָט כאַפּ איך באַלד
דעם רוח אין מיין האַנט — אָט דאָרט, און דאָרטן ווידער,
און דאָרטן.
(דער שטורעם צעבייזערט זיך)

ליר: אויך זיינע טעכטער האָבן אים צו דעם געבראַכט?
ס'איז גאָרנישט אים געבליבן? האָט אַלץ צעטיילט?

ליץ: ניין, ס'איז געבליבן אים אַ קאָלדרע בלויז.
ווען ניט וואָלטן אַלע מיר באַדאַרפט זיך שעמען אָנקוקן
אים.

ליר: נו, אַלע קלאָגן, וועלכע הענגען
איבער דעם זינדיקן מענטשן,
זאָלן פאַלן אויף דיינע טעכטערס קעפּ!

קענט: מיין האַר, ער האָט נישט קיינע טעכטער.

ליר: פאַררעטער וואָס דו ביזט! ווייל קיין שום זאַך
האָט נישט געקענט דערנידעריקן אים אַזוי

ווי זיינע אומדערבארעמדיקע טעכטער.
איז דאָס אַ מאָדע, אַז פאַרטריבענע טאַטעס
זאָלן אַזוי גרויזאַם זיין צו אייגענע קינדער?
גערעכטער משפט! יאָ, מיין אייגן לייב
געבאָרן האָט די דאָזיקע ווילדע טעכטער.

עדגאַר: דאָס הענדל איז געזעסן אויף דעם באַרג. האַליו, האַליו, לו, לו!

ליר: די קאַלטע נאַכט וועט אונז אַלע מאַכן פאַר נאַראָנים און משוגעים.

עדגאַר: היט זיך פאַר דעם בייזן רוח; פאָלג דיינע עלטערן; האַלט דיין וואָרט; שעלט נישט, פאַרפיר נישט דיין שכנס געליבטע. גלוסט נישט שטאָלצן פראַכט; — טאַס פרירט.

ליר: און ווער ביזטו געוועזן פריער?

עדגאַר: אַ באַדינער, שטאָלץ אין האַרצן און געדאַנק; וואָס האָט זיין האָר די האָר געקרויזלט, הענטשקעס און זיין הוט געטראָגן, געשטילט די לוסט פון זיין מעטרעסע, און פיל געהאַט מיט איר צו טאָן אין דער פינצטער;
געשוואָרן שבועות גראָד אַזוי פיל מאָל, וויפיל ווערטער כ׳האָב אַרויסגערעדט, און זיי געבראָכן, גלייך אין פנים פון דעם הימל; כ׳בין איינגעשלאָפן מיט די געדאַנקען פון תאווה און דערוואַכט זי אויסצופירן. כ׳האָב קרעפטיק ליב געהאַט דעם וויין, די ווירפל־שפיל, און בנוגע פרויען — האָב איך איבערשטייגט אפילו דעם טערק; אין האַרצן פאַלש, לייכט־גלויביק, בלוטיקע הענט; אַ פוילער שוויין, אַ פוקס אין גנבה, אַ וואָלף אין נייגיר, אַ הונט אין משוגעת, און בלוט־דאָרשטיק ווי אַ לייב. לאָז נישט דאָס סקריפען פון שיך און דאָס רוישן פון זיידנס פאַרראַטן דיין אָרעם האַרץ צו פרויען. מייד אוים דיין פוס פון אַ באָרדעל, דיין

האַנט פון גנבה, דיין פעדער פון שונד-ביכער, און שטעל זיך אַנטקעגן דעם בייזן רוח! — דורך דעם יאַגדע-בוים בלאָזט נאָך אַלץ דער קאַלטער ווינט; מאַכט זום, מום, האַ, נאַ, נאַני. „דאַלפין, מיין זון, מיין זון; הורא! לאָז אים פאַרביי".

(דער רעגן-שטורעם פאַרשטאַרקט זיך)

**ליר:** יאָ, ס'וואָלט דיר בעסער שוין געווען אין דיין קבר, איידער צו באַגעגענען מיט הוילן לייב דעם צאָרן פון דער לופט. — איז דער מענטש נישט מער ווי דאָס? באַטראַכט אים גוט! דו ביסט ניט שולדיק דעם וואָרעם קיין זייד, די חיה קיין פעל, די שאָף קיין וואָל, דער ווילדער קאַץ — איר ריח, האַ, דריי פון אונז זיינען ניט רעאַל! דו ביסט דער אמתער מענטש אַליין; דער נאַטירלעכער מענטש איז ניט מער, ווי בלויז אַזאַ-אַ אָרעמע, נאַקעטע צוויי-פיסיקע חיה ווי דו. אַראָפּ, אַראָפּ, איר פרעמדע זאַכן! קומט שפּילעט-אָפּ דאָ.

(רייסט אָפּ פון זיך די קליידער).

**ליץ:** איך בעט אייך, פעטערל, באַרואיקט אייך; עס איז אַ שלעכטע נאַכט פאַר שווימען. אַ קליין פייער אויף דעם וויסטן פעלד וואָלט איצט געווען ווי דאָס האַרץ פון אַן אַלטן בעל-תאווהניק; עס טליעט נאָך אַ פונק, ווען דער גאַנצער קערפּער איז שוין קאַלט. זעט, אַ פייער דאָרט וואַנדערט.

(גלאָסטער קומט אַריין מיט אַ ברענענדיקן פאַקל אין האַנט)

**עדגאַר:** דאָס איז דער בייזער שד, פליבערטידזשיבעט; ער קומט מיט דעם אָוונט-גלאָק און בלאָנקעט אום ביז דעם ערשטן האָן-קריי; ער ברענגט די בעלמע אויפן אויג, און מאַכט פון שיין מיאוס; פאַרדאַרבט דאָס ווייסע ווייץ, און פייניקט די אָרעמע נפשות אויף דער ערד. דער הייליקער וויטאָלד איז דריי מאָל געקומען אויפן פעלד; ער

האָט דעם שד מיט די שדימלעך באַגעגנט;
„אַוועק״! האָט ער באַפוילן.
אין ווייטע וויסטע היילן,
אַוועק, דו שד, אַוועק!״

**קענט:** ווי פילט איר זיך, מיין קעניג?

**ליר:** ווער איז דער?

**קענט:** ווער זייט איר? וועמען זוכט איר?

**גלאָסטער:** און ווער זייט איר? ווי רופט מען אייך?

**עדגאַר:** דער אָרעמער טאָם; וואָס עסט די פרעש, זשאַבעס, ווערעם און יאַשטשערקעס; אָט דער, וואָס אין זיין ביטערן כעס, ווען ס׳צאָרנט דער בייזער שד, עסט ער קומיסט פאַר סאַלאַט; פאַרשלינגט די אַלטע מויז און דעם טויטן הונט; טרינקט דעם גרינעם שימל פון דער שטייענדיקער אָזערע; וואָס ווערט געטריבן פון דאָרף צו דאָרף, און ווערט באַשטראָפט און אריינגעוואָרפן אין דער תפיסה; אָט דער, וואָס האָט דריי קליידער פאַר זיין רוקן, זעקס העמדער פאַר זיין לייב; אַ פערד צום רייטן, אַ שווערד צו טראָגן; דאָך מייז און ראַצן און אַזעלכע שרצים האָט טאָם געגעסן זיבן לאַנגע יאָר. היט אייך פאַר מיינע פאַרפאָלגער; סמאַלקין, שטיל, דו שד!

**גלאָסטער:** גנעדיקער האַר! איר האָט גאָרנישט קיין בעסערע חברשאַפט שוין געקענט געפינען?

**עדגאַר:** דער פירשט פון פינסטערניש איז אַן אַדעלמאַן, ער הייסט מאָדאָ, און מאַהו.

**גלאָסטער:** אַך, אונזער אייגן פלייש און בלוט, די קינדער, מיין האַר, ווערן אַזוי מיאוס פאַרדאָרבן, אַז זיי האַסן די, וואָס האָבן זיי געבוירן.

**עדגאַר:** דער אָרעמער טאָם פרירט!

**גלאָסטער:** קומט מיט מיט מיר; מיין פליכט דערלויבט מיר נישט
כ׳זאָל פאָלגן אייער טאָכטערס בייזן ווילן;
זיי האָבן מיך באַפוילן די טיר פאַרשליסן,
און לאָזן אייך דאָ צו דער בייזער נאַכט;
כ׳האָב דאָך געוואַגט אייך אויפזוכן און ברענגען אייך,
וואו וואַרעמקייט און שפּייז איז גרייט פאַר אייך.

**ליר:** כ׳וויל ריידן ערשט מיט אָט דעם פילאָזאָף. אָנו, פון וואַנען קומט אַ דונער?

**קענט:** מיין ליבער האַר, נעמט אָן זיין פאָרשלאָג, גייט אין הויז אַריין.

**ליר:** אַ וואָרט מיט דעם געלערנטן טהעבאַנער: וואָס שטודירסטו?

**עדגאַר:** ווי אויסצומיידן דעם שד און טויטן ווערים.

**ליר** כ׳וויל פרעגן אייך בלויז איין וואָרט אויפן אויער.

**קענט:** בעט אים נאָכאַמאָל צו גיין, מיין האַר; ער הויבט אָן צו פאַרלירן זיין פאַרשטאַנד.
(דער שטורעם-רעגן האַלט אָן)

**גלאָסטער:** צי קענסטו דען אויף אים פאַריבל האָבן?
די טעכטער פלאַנעווען צו טויטן אים.
אָ, גוטער קענט! האָסט עס פאַראויסגעזאָגט,
דו אָרעמער וואָגלער! זאָגסט, דער קעניג גייט
פון זינען אַראָפּ; איך זאָג דיר, פריינד, איך ווער
כמעט אַליין משוגע. איך האָב געהאַט
אַ זון, פאַרשטויסן איצט פון מיר; און איז
געוואָרן מיר אַ שונא ביז אין בלוט,
ניט לאַנג צוריק. כ׳האָב, פריינט, אים ליב געהאַט,
ווי קיין שום פאָטער נאָך: איך זאָג דעם אמת דיר

דער ווייטאָג מאַכט משוגע מיך. וואָס פאַר
אַ נאַכט (צו ליר) איך בעט אייך, קעניג, קומט אַריין, —

ליר (צו עדגאַר): האָט מיטלייד, האַר,
מיין איידעלער פילאָסאָף קומט-מיט מיט אונז.

עדגאַר: טאָם פרירט,

גלאָסטער: גיי, יונג, אַריין אין שטיבל; וואַרעם זיך אָן.

ליר: קומט, לאָמיר אַלע דאָ אַריין.

**קענט: דורך דעם וועג, האַר.**

ליר: מיט אים. איך וויל נאָר בלייבן מיט מיין פילאָזאָף.

**קענט: גאַנץ גוט, מיין האַר, באַרואיקט אים און זאָל דער יונג אויך מיטגיין.**

**גלאָסטער: נו, נעמט אים מיט.**

קענט: קום, יונג; קום מיט מיט אונז.

ליר: קום, מיין גריך!

גלאָסטער: איר זאָלט ניט רעדן פיל; זייט שטיל.

עדגאַר: הער ראָלאַנד איז צום פינצטערן טורעם געקומען.
זיין וואָרט געווען איז „פי, פאָ, און פאָם,
עס שמעקט מיר דאָ אַזוי מיט בריטיש בלוט.
(גייט אַוועק).

פינפטע סצענע

(אין גלאָסטערס שלאָס. עס טרעטן אויף הערצאָג
קאָרנוואַל און עדמונד).

קאָרנוואַל: איך וועל זיך נוקם זיין אין אים, נאָך איידער
איך פאַרלאָז זיין הויז.

עדמונד: מיין האַר, עס שרעקט מיך, ווען איך טו אַ טראַכט ווי מ׳וועט מיך טאַדלען, ווען איך וועל מקריב זיין מיין נאַטירלעכע ליבע צו מיין פאָטער פאַר מיין פליכט צו אייך.

קאָרנוואל: איך זע איצט איין, אַז ס׳איז נישט געווען אין גאַנצן אייער ברודערס רשעות, וואָס האָט געפּלאַנט זיין פאָטערס טויט; נאָר אַ טרייבנדיק געפיל, געדעגט פון דעם אַלטן פאָטערס שטאַרקער בייזוויליקייט.

עדמונד: ווי בייז עס איז מיין גורל, וואָס איך מוז זיך פאַרענטפערן, אַז איך בין גערעכט! דאָ איז דער בריוו, פון וועלכן ער׳ט גערעדט, וואָס באַווייזט, אַז ער איז אַ גע־היימער אָנהענגער פון אַ פראַנצויזישער פּאַרטיי. אָ, הימ־לען! הלוואי וואָלט דער פאַרראַט אינגאַנצן ניט פאָר־געקומען, אָדער ווען איך וואָלט אים כאָטש נישט געווען אַנטדעקט!

קאָרנוואל: קום מיט מיר צו דער הערצאָגין.

עדמונד: ווען דער אינהאַלט פון דעם בריוו איז אמת, האָס־טו אַ ווירדיקע זאַך צו דערליידיקן.

קאָרנוואל: אמת, צי פאַלש, דער בריוו האָט דיך געמאַכט פאַר אַ גראַף פון גלאָסטער. גיי, זוך אויף דיין פאָטער, מיר זאָלן קענען זיך באַלד מיט אים אָפּרעכענען פאַר זיין פאַרראַט.

עדמונד (אָן אַ זייט): אויב איך טרעף אים אַז ער איז פאַר־נומען מיט געבן הילף דעם קעניג, וועט עס נאָך פאַר־שטאַרקערן דעם פאַרדאַכט. (אויף אַ הויכער שטים) איך וועל אָנהאַלטן מיין טריישאַפט צום הערצאָג, כאָטש עס איז שמערצלעך דער קאַמף צווישן מיין פליכט צו אים און מיין נאַטור־געפיל.

קאַרנוואל: דו זאָלסט מיין צוטרוי קריגן; און אין מיין ליבע זאָלסטו אַ בעסערן פאָטער געפינען.
(זיי גייען אוועק)

זעקסטע סצענע

(אַ צימער אין אַ פאַרם-הויז נעבן גלאָסטערס שלאָס.
גלאָסטער, ליר, קענט, דער לץ און עדגאַר
דערשיינען).

גלאָסטער: דאָ איז בעסער, ווי אויף דער פרייער לופט; זייט מיט דעם צופרידן. איך וועל זיך באַמיען מאַכן אייך באַקוועמער מיט וואָס איך וועל נאָר קענען; איך קום גלייך צוריק צו אייך.

קענט: די גאַנצע קראַפט פון זיין גייסט האָט זיך אָפּגע־טאָן צוליב זיין אומגעדולד; מעגן די געטער אייך באַ־לוינען פאַר אייער פריינדלעכקייט.
(גלאָסטער גייט אוועק)

עדגאַר: פראַטערעטאָ רופט מיך און זאָגט, אַז נעראָן כאַפּט פיש אין טייך פון פינצטערניש. (צום לץ) טו תפילה, אומ־שולדיקער, און היט זיך פאַר דעם בייזן שד.

לץ: איך בעט דיך, פעטערל, זאָג מיר: איז אַ משוגענער אַן אַדעלמאַן, אָדער ער איז איינער פון פאָלק?

ליר: ער איז אַ קעניג, אַ קעניג!

לץ: ניין, ער איז איינער פון פאָלק, וואָס האָט אַן אַדעלמאַן פאַר אַ זון; ווייל בלויז יענער מענטש איז משוגע, וואָס האַלט זיין זון פאַר מער אַדעלמאַן פון זיך.

ליר: הלוואי וואָלטן אַ טויזנט מאָן מיט רויט-גליענדיקע שפּיזן זיי שטורמיש דאָס לייב דורכגעשטאָכן — וואָלט גוט געווען.

**עדגאַר:** דער בייזער רוח בייסט מיך אין פּלייצע.

**ליר:** משוגע איז דער, וואָס פאַרלאָזט זיך אויף דער גוט־הארציקייט פון אַ וואָלף, אויף דער שטאַרקייט פון אַ פערד* אויף אַ יינגלס ליבע, אָדער אויף אַ זונהס שבועה.

**ליר:** ס׳וועט זיין אַזוי; איך גיב באַלד אַרויס זייער אור־טייל.
(צו עדגאַר) קום, זעץ זיך דאָ, דו העכסט געלערנטער ריכטער;
(צום לץ) דו, קלוגער הער, זיץ דאָ. איצט, איר; פרויען־פוקסן! *)

**עדגאַר:** זע, ווי זי שטייט און זי גלאָצט מיט די אויגן;
האָט איר נישט קיין אויגן פאַרן געריכט, מאַדאַם?
(ער זינגט)
„קום איבערן טייכל, מיין בעסי צו מיר".

**לץ** (זעצט פאָר): איר שיפל האָט אַ לאָך,
זי מוז נישט זאָגן דאָך
פאַרוואָס זי קומט נישט שווימענדיק צו דיר.

**עדגאַר:** דער בייזער שד פאַרפאָלגט דעם אָרעמען טאָם מיט דער שטימע פון אַ נאַכטיגאַל, האָפּטאַנץ שרייט אין טאָמס בויך: גיט מיר צוויי ווייסע הערינג. קרעכץ ניט, שוואַרצער מלאך! איך האָב קיין עסן נישט פאַר דיר.

**קענט** (צו לירן): וואָס מאַכט איר, קעניג? אָ, שטייט נישט אַזוי פאַרטראַכט; ווילט איר זיך לעגן אָפּרוען אויף די קישנס דאָ?

---

*) ווייל ס׳איז געווען אָנגענומען, אַז אַ פערד איז מער ווי וועלכע ס׳איז אַנדער חיה געניגט צו קראַנקהייט.

*) פרויען־פוקסן — מיינענדיג די טעכטער. ער שטעלט זיך פאָר ווי ער פירט אָן אַ געריכט קעגן זיינע טעכטער.

ליר: צוערשט דעם משפט. ברענגט די עדות אַריין (צו עדגאַר)
דו, ריכטער פון דעם אמת, זעץ זיך דאָ;
(צום לץ) און דו, זיין מיטגעהילף אין משפט, זיץ ביי זיין זייט.
(צו קענט) אויך איר ווייסט דאָס געזעץ. זיצט אויך מיט אונז.

עדגאַר: לאָמיר משפטן מיט גערעכטיקייט. (זינגט).
דו שלאָפסט, צי וואַכסט, מיין פריילעכער פאַסטוך?
דיינע שעפסן אין קאָרן גייען;
און פלייטלט איינמאָל נאָר דיין מיילכל,
וועט שוין קיין בייז דיינע שעפסעלעך נישט געשען,
פור! די קאַץ איז גרוי.

ליר: משפט איר צוערשט; ס'איז גאָנעריל. איך שווער דאָ פאַר דער געערטער פאַרזאַמלונג, זי האָט דעם אָרעמען קעניג, איר פאָטער, מיט אַ בריק פון הויז אַרויסגעטריבן.

לץ: אהער, קומט ליידי. איז אייער נאָמען גאָנעריל?

ליר: זי קען עס נישט אָפּלייקענען.

לץ: זייט מוחל, כ'האָב אייך געהאַלטן פאַר אַ פוס-בענקל.

ליר: דאָ איז די אַנדערע, וועמעס קרומער בליק
פאַרראַט איר פינצטער האַרץ. אָ, האַלט זי פעסט!
העי, וואָפן, פייער, פייער, שווערד! — באַטרוג!
דו פאַלשער ריכטער, זאָג פאַרוואָס האָסטו
געלאָזט זי אומבאַשטראָפט אַנטלויפן?

עדגאַר: גאָט זאָל דיר היטן דיינע פינף חושים!

קענט: אָ, טרויעריק! וואו איז איצט דיין געדולד,
מיין האַר, מיט וואָס דו האָסט זיך אָפט גערימט?

**עדגאַר** (אַן אַ זייט): מיינע טרערן נעמען זיך פֿאַר אים אַזויפֿיל אָן, אַז זיי וועלן דאָ מיין פֿאַרשטעלונג צונישט מאַכן.

**ליר**: די קליינע הינט, און אַלע, זעט, זיי פֿאַלן אויף מיר אָן און בילן.

**עדגאַר**: ס'וועט אַ שטוים טאָן טאָם זיין קאָפּ אויף זיי און זיי פֿאַרצוקן, אַרויס איר הינט!

**ליר**: נו, זאָלן זיי צעפּאַלמעסן רעגאַנען און זען וואָס עס טוט זיך ביי איר אין האַרצן, צי איז פֿאַראַן אַן אורזאַך אין דער נאַטור, וואָס ברענגט אַרויס די האַרט-פֿאַרשטיי־נערטע הערצער? (צו עדגאַר) איך, האַלט אייך, הער, פֿאַר איינעם פֿון מיינע הונדערט; נאָר עס געפֿעלט מיר נישט דער פֿאַסאָן פֿון אייערע קליידער. איר וועט זאָגן, איך וויים, אַז זיי זיינען פּערסישע קליידער; אָבער, כ'בעט אייך, בייט זיי איבער.

**קענט**: נו, טייערער האַר, לעגט זיך דאָ אַוועק און רוט זיך אָפּ אַ ווייל.

**ליר**: מאַכט קיין ליאַרעם ניט; לאָזט די פֿאָרהאַנגען אַראָפּ. אַזוי, אַזוי, אַזוי; מיר וועלן עסן דעם נאַכט-מאָלצייט אין דער פֿרי; אַזוי, אַזוי, אַזוי.

**ליץ**: און איך וויל גיין אין בעט אַריין ביי טאָג.
(גלאָסטער קומט צוריק איילנדיקערהייט)

**גלאָסטער**: קומט, פֿריינט, אַהער; וואו איז דער קעניג?

**קענט**: דאָ, מיין האַר! דאָך שטערט אים נישט, ער איז פֿון זינען אַראָפּ.

**גלאָסטער**: איך בעט דיך, נעם אים אין די אָרעמס, פֿריינד, איך האָב געהערט מען קלייבט זיך אים ערמאָרדן. איך האָב אַ טראָג-בעטל; לעג אים דאָרט אַנידער

און פֿאַר קיין דאָווער, וואו דו וועסט, מיין פֿריינד,
געפֿינען שוץ און ליבשאַפֿט. נעם אים גיך;
און זאַמסטו זיך אַ האַלבע שעה, דאַן וועט
זיין לעבן, דיינס, און אַלעמענס וואָס ווילן
אים שטאַרק באַשיצן, זיין אין גרויס געפֿאַר.
נו, גיי־זשע שנעלער, גיי! און פֿאָלג מיר נאָך,
איך וועל אייך געבן שפּייז און ווייזן אייך
אויף גיך דעם וועג.

**קענט** (קוקט זיך איין אין קעניגס פּנים): אויסגעשעפּטע
קראַפֿט — זי שלאָפֿט!
די רו וועט היילן דיין צעבראָכענעם גייסט,
און אויב עס העלפֿט נישט די באַקוועמלעכקייט,
וועט שווער זיין אויסצוהיילן דיר אינגאַנצן.
(צום ליר)
קום, העלף אַריינטראָגן דיין האַר;
דו דאַרפֿסט פֿון אונז נישט אָפּשטיין.

**גלאָסטער**: קום, קום, אַוועק.
(אַלע טראָגן דעם קעניג אַוועק. עדגאַר בלייבט אַליין)

**עדגאַר**: ווען בעסערע מענטשן פּלאָגן זיך ווי מיר,
ווערט אונזער לייד פֿיל קלענער אָן אַ שיעור,
ווער ס׳ליידט אַליין, דער ליידט גאָר אָן אַ ברעג,
און איז פֿון יעדער פֿרייד און לוסט אַוועק;
דאָך פֿאַר דער זעל איז לייכטער דולדן לייד,
ווען איינער איז זיך טיילן מיט איר גרייט.
ווי גרינג ס׳איז מיר פֿאַרטראָגן איצט מיין פּיין,
ווען דאָס, וואָס דריקט מיך, בויגט דעם קעניג איין;
פֿון טעכטער — ער פֿון פֿאָטער — איך אַוועק!
נו, טאָם! הער צו צום שטורעם אויפֿן וועג,
דערשיין ערשט דאַן ווען מען פֿאַרלוימדעט דיך,
און מיט דיין ערלעכקייט פֿאַרטיידיקסטו זיך.

מיך אַרט נישט וואָס געשעט נאָך היינט ביינאַכט,
אַבי דער קעניג נאָר אַנטלויפט! גיב אַכט!
(גייט אַרוים)

זיבעטע סצענע

(אַ צימער אין גלאָסטערס שלאָס. עס טרעטן אויף
קאָרנוואַל, רעגאַן, גאָנעריל, עדמונד
און הויפלייט).

**קאָרנוואַל:** איילט זיך וואָס גיכער צו מיין הערצאָג, אייער מאַן; ווייזט אים דעם דאָזיקן בריוו. די פראַנצויזישע אַרמיי האָט געלאַנדעט. זוכט אויף דעם פאַררעטער גלאָסטער!
(איניקע הויפלייט גייען אַוועק)

**רעגאַן:** הענגט אים גלייך אויפן שטעל.

**גאָנעריל:** רייסט אים די אויגן אַרוים.

**קאָרנוואַל:** לאָזט אים נאָר איבער צו מיין צאָרן. דו עדמונד, פאַרוויל זיך אין דער געזעלשאַפט פון אונזערע שוועסטער; די נקמה, וואָס מיר זיינען געצוואונגען צו נעמען פון אייער פאַררעטערישן פאָטער, איז ניט פּאַסיק פאַר אייך איר זאָלט עס צוקוקן. — איר עצהט דעם הערצאָג, ווען איר קומט צו אים, אַז ער זאָל זיך צוגרייטן, וואָס גיכער; מיר זיינען פאַרפליכטעט צו דער זעלבער זאַך. זאָלן אונזערע פאַרבינדונגען פאַרקומען שנעל, און מינט פולשטענדיקער פאַרשטענדעניש צווישן אונז. זייט געזונט, ליבע שוועסטער; זייט געזונט, עדמונד, מיין גראַף פון גלאָסטער.
(אָסוואַלד, דער הויף-מייסטער, דערשיינט)
וואו איז דער קעניג?

**אסוואלד:** עדמונדס פאָטער, גראַף פון גלאָסטער
האָט אים אַוועקגעפירט.
אַ פינף און דרייסיק פון די ריטער זיינע
אים זוכנדיק, האָבן אים געטראָפן ביים טויער;
און די, מיט אַנדערע נאָך פון גראַפס באַדינער
זיינען אָפּ מיט אים קיין דאָווער, דאָרטן וואו,
זיי רימען זיך: זיי האָבן פיל באַוואָפנטע פריינט.

**קארנוואל:** גרייט צו די פערד פאַר אייער לידי!

**גאנעריל:** זייט געזונט, מיין גראַף און מיין שוועסטער.
(גאנעריל און עדמונד גייען אַוועק)

**קארנוואל:** עדמונד, זיי געזונט.
(גאנעריל, עדמונד און אסוואלד גייען אַוועק)
(צו די באַדינער) זוכט דעם פאַררעטער גלאָסטער אויף,
ברענגט אים אַהער געבונדן ווי אַ גנב.
(באַדינער גייען אַרויס)
אַפילו ווען מיר קענען אים נישט משפטן
אָן צערעמאָניע פון געריכט, זאָל דאָך
גאָר אונזער מאַכט צו הילף זיין אונזער צאָרן;
מען וועט אונז אפשר טאַדלען, דאָך נישט שטערן.
ווער קומט עס דאָרט? אַ, דער פאַררעטער?
(באַדינער קומען מיט גלאָסטער)

**רעגאן:** אומדאַנקבאַרער פוקס! ס'איז ער.

**קארנוואל:** בינדט אים די איינגעטריקנטע הענט.

**גלאָסטער:** וואָס מיינט איר, הער? באַדענקט זיך פריינט,
איר זייט דאָך מיינע געסט; ניט האַנדלט אַזוי גראָב,
פריינט.

**קארנוואל:** בינדט אים, זאָג איך.
(די באַדינער בינדן אים)

**רעגאַן:** שטאַרק, שטאַרקער, אַ, שענדלעכער פאַררעטער !

**גלאָסטער:** דו אומבאַרמהאַרציקע פרוי, דו, וואָס דו ביסט
איך בין נישט קיין פאַררעטער.

**קאָרנוואָל:** בינדט אים צו דער שטול. לומפּ, וועסט געדענ־
קען, אויסוואורף. —
(רעגאַן רייסט אים ביי דער באָרד)

**גלאָסטער:** ביי גאָט אין הימל, ס'איז העסלעך צו
רייסן מיר ביי דער באָרד.

**רעגאַן:** אַזוי אַ גרוי, און אַזאַ פאַררעטער !

**גלאָסטער:** פאַרדאָרבענע פרוי,
די האָר, וואָס דו פליקסט פון מיין באָרד אַרוים
וועלן לעבעדיק ווערן און באַשולדיקן דיך ;
איך בין דיין באַלעבאָס ; דו טאָרסט נישט קריכן אין
מיין פּנים מיט די רויבערישע הענט, פאַר דאָס גוטס צו
אייך. (צו קאָרנוואָל)
וואָס ווילט איר טאָן ?

**קאָרנוואָל:** זאָגט, הער, וואָס שרייבט מען לעצטנס אייך
פון פראַנקרייך ?

**רעגאַן:** רעד איינפאַך, ווייל מיר ווייסן שוין דעם אמת.

**קאָרנוואָל:** אין וועלכן בונד זייט איר מיט די פאַררעטער,
וואָס האָבן דאָ ביי אונז געלאַנדעט ?

**רעגאַן:** אין וועמענס הענט געפינט זיך דער משוגענער
קעניג ? זאָגט.

**גלאָסטער:** איך האָב אַ בריוו באַקומען, יאָ,
פון איינעם, וועלכער איז פאָלקאָם נייטראַל,
און וואָס באַלאַנגט ניט צו דעם שונאס צד.

**קאָרנוואָל:** ווי כיטרע.

**רעגאַן:** און פאַלש.

**קאָרנוואָל:** וואו האָסטו דעם קעניג אַוועקגעשיקט?

**גלאָסטער:** קיין דאָווער.

**רעגאַן:** פאַרוואָס קיין דאָווער? ביזט נישט געווען אין גע־
פאַר? —

**קאָרנוואָל:** פאַרוואָס קיין דאָווער? ענטפער דאָס צוערשט.

**גלאָסטער:** איך בין געבונדן און מוז אַלץ פאַרטראָגן.

**רעגאַן:** פאַרוואָס קיין דאָווער?

**גלאָסטער:** ווייל כ'וואָלט נישט וועלן זען,
ווי דיינע ווילדע רשעותדיקע נעגל
שטעכן אויס די אָרעמע אַלטע אויגן זיינע;
און אויך ניט זען, ווי דיין שוועסטער שטעקט
די וואָלפישע ציין אין זיין געזאַלבטן לייב.
עס וואָלט דער ים אין גהינום־שוואַרצער נאַכט,
מיט שטורעם אויף זיין הוילן דולדיקן קאָפּ,
זיך אויפגעהויבן, און די שטערן פאַרלאָשן.
דאָך ס'האָט, דאָס אָרעם, אַלטע האַרץ געהאָלפן
דעם הימל רעגענען. ווען ס'וואָלטן וועלף
געוואויעט ביי דיין טויער יענע נאַכט,
די גרויזאַמע, וואָלסטו באַדאַרפט באַפוילן:
„מאַכט, גוטער וועכטער, אויף דעם טויער דאָרט".
די גרעסטע גרויזאַמקייט אויף גאָר דער וועלט
וואָלט אויף דיין פאָטער דאָך דערבאַרעמט זיך;
נאָר כ'וועל נאָך זען ווי נקמה וועט
דערשלאָגן אָט אַזעלכע קינדער.

**קאָרנוואָל:** דו וועסט אַזעלכעס קיינמאָל שוין נישט זען.
האַלט פעסט אים צו אין שטול! איך וועל אים אויסהאַקן
מיטן פוס די אויגן.

**גלאָסטער:** זאָל דער, וואָס וויל דערלעבן צו זיין אַלט,
איצט קומען מיר צו הילף. אָ, גרויזאַם! געטער!

**רעגאַן:** איין אויג וועט לאַכן פון דאָס צווייטע אויג;
שטעכט אויס דאָס צווייטע אויך.

**קאָרנוואָל:** אויב זעסט נקמה איצט —

**דער ערשטער באַדינער:** האַלט אָפּ, מיין גראַף!
כ'האָב אייך געדינט נאָך פון מיין קינדהייט אָן,
כ'האָב בעסער אייך נאָך קיינמאָל אָבער נישט
געדינט ווי איצט, ווען כ'בעט אייך: האַלט עס אָפּ.

**רעגאַן:** דו הונט!

**ערשטער באַדינער:** וואָלט איר געהאַט אַ באָרד אויף אייער מאָרדע,
וואָלט איך זי אין דעם שטרייט צעפּליקט.

**קאָרנוואָל:** וואָס מיינסטו, דו לומפּ! (זיי ציען אַרויס די שווערדן)

**ערשטער באַדינער:** נו, קומט, לאָמיר עס לאָזן צו דער שווערד און צו דעם צופאַל פון דעם צאָרן.

**רעגאַן** (צו אַן אַנדערן באַדינער): גיב מיר דיין שווערד.—
עס מאַכט אַ שקלאַף אַזוי אַן אויפשטאַנד!
(זי נעמט פון אים די שווערד און שטעכט דעם ערשטן באַדינער פון הינטער זיין פּלייצן)

**ערשטער באַדינער** (צו גלאָסטערן): אָ, כ'בין פאַרוואונדעט! מיין גראַף, ס'איז אייך געבליבן נאָך אַן אויג, נקמה צו זען, אָ! (ער שטאַרבט)

**קאָרנוואָל:** ס'וועט מער נישט זען שוין. (ער קלאַפּט אים אויס דאָס צווייטע אויג)
אַרויס דו שמוציקער, קלעפּיקער שטאָף! דיין אויג —
וואו איז ער איצט דיין ליכטיקער גלאַנץ?

**גלאָסטער:** בלויז פינצטערניש און וויסטעניש אָן טרייסט,
וואו איז ער איצט מיין זון עדמונד, מיין זון?
צינד אָן די אַלע פייערן פון נאַטור,
און זיי זיך נוקם פאַר דעם גרויליקן טאַט!

**רעגאַן:** אַרויס, פאַלשער פאַררעטער!
דו רופסט אָט דעם וואָס האַסט דיך, ס׳איז דאָך ער
געווען, וואָס האָט דיין גרויסן פאַרראַט אַנטדעקט,
ער איז צו־גוט דיר איצטער צו באַדויערן.

**גלאָסטער:** מיין נאַרישקייט! אוי, וויי!
איך האָב באַשולדיקט עדגאַרן אומזיסט.
פאַרגיט מיר, געטער, בענטשט אים, וואו ער איז!

**רעגאַן** (צו די באַדינער): גייט, וואַרפט אים דורך דער טיר אַרויס, און לאָזט אים מיט זיין נאָז דערשמעקן זיין וועג קיין דאָווער. (צו קאָרנוואָל) ווי איז עס, מיין גראַף? ווי גייט עס אייך? (גלאָסטער ווערט אַרויסגעפירט)

**קאָרנוואָל:** איך האָב אַ וואונד באַקומען; גיי מיר נאָך, מיין ליידי! (צו די באַדינער) וואַרפט אַרויס דעם בלינדן לומפּ! אויפן מיסט וואַרפט אים. רעגאַן, איך בלוטיק שטאַרק; ס׳איז ניט אין צייט געקומען. גיב מיר דיין האַנט. (רעגאַן פירט קאָרנוואָלן אַרויס)

**צווייטער באַדינער:** מיך אַרט נישט, וואָס פאַר אַן אומרעכט איך זאָל נישט באַגיין, אַבי ס׳זאָל אָט דעם אַלטן זיין נאָך גוט אַמאָל.

**דריטער באַדינער:** איך גלויב ניט זי וועט לעבן לאַנג גענוג,
און ענדלעך שטאַרבן
מיט אַ נאַטירלעכן טויט, — עס זיינען אַלע פרויען פאַר־
דאַרבן.

**צווייטער באַדינער:** לאָמיר נאָכגיין דעם אַלטן גראַף, און בעט דעם משוגענעם, אַז ער זאָל פירן וואו ער וויל; זיין בעטלער־משוגעת לאָזט זיך באַנוצן פאַר אַלץ אין דער וועלט.

**דריטער באַדינער:** גייט, גייט; איך וועל אים מיטגעבן נאָך אַ ביסל פלאַקס און אייער־ווייסלס, אַרויפצולייגן אויף זיין בלוטיק געזיכט. מעג גאָט אים זיין צוהילף!
(זיי גייען אַוועק אויף פאַרשיידענע וועגן)

(סוף פון דריטן אַקט).

## פערטער אַקט

### ערשטע סצענע

(אויפן פרייען פעלד, עדגאַר טרעט אויף)

**עדגאַר:** ס'איז בעסער שוין צו וויסן מ'איז פאַראַכט,
ווי זיין פאַראַכט און ווערן אויך געשמייכלט.
אויך אין דעם האַרץ פון טיף געזונקענעם
געפינט זיך אַלץ אַ פונק פון האָפענונג,
כאָטש ער לעבט איבער פריערדיקע שרעק.
דאָס העכסטע גליק פירט זייער אָפט צו צער;
און ס'ערגסטע ענדיקט זיך אַמאָל מיט פרייד.
געגריסט זיי דאָן, דו דורכזיכטיקע לופט,
וואָס כ'נעם אַרום! וואָס קענסטו מערער נאָך
דען נעמען פון אָט דעם אומגליקלעכן,
וועמען דו האָסט געשליידערט אין דעם תהום
פון עלנדקייט? דאָך, ווער קומט עם אַהער?
גלאָסטער (טרעט אויף, געפירט פון אַן אַלטע מאַן):
מיין פאָטער, ווי אַ בעטלער ווערט געפירט?
אָ, וועלט! — בלויז דיינע גרוילן וואָס מיר האָסן
מאַכט אונז זיך איבערבעטן מיט דעם עלטער.

**אַלטער מאַן:** אָ, ליבער לאָרד!
שוין אַכציק יאָר, אַז איך בין אייער דינער
און אייער פאָטערס דינער.

**גלאָסטער:** גיי זיך דיין וועג; פאַרלאָז מיך, גוטער פריינט.
עס קען דיין הילף מיר גאָר נישט ניצלעך זיין; זי קען
דיר אָבער שאָדן ברענגען.

**אַלטער מאַן:** איר קענט דאָך אייער וועג ניט זען.

גלאָסטער: איך האָב קיין וועג — דאַרף איך קיין אויגן
ניט.

איך האָב געשטרויכלט, ווען איך האָב געזען.
אָפט זעט מען, אַז וואָס ס׳פעלט אונז, טוט אונז גוט,
און נויט אַליין לאָזט זיך צום גוטן אוים.
אָ עדגאַר, ליבער זון, דו ביסט דער קרבן
פונם צאָרן פון דיין אָפּגענאַרטן פאָטער!
וואָלט איך דערלעבט צו זען דיך לעבן מיר,
וואָלט איך געזאָגט כ׳האָב אויגן אויף דאָס ניי!

אַלטער מאַן: ווער איז עס דאָרט?

עדגאַר (אָן אַ זייט): אָ, גאָט! ווער קען עס
זאָגן „ס׳קען נישט ערגער זיין?"
איך בין אומגליקלעכער נאָך נישט געווען.

אַלטער מאַן: ס׳איז דער משוגענער טאָם!

עדגאַר (אָן אַ זייט): עס קען נאָך ערגער זיין;
ס׳איז נישט דאָס ערגסטע, ווי לאַנג מען קען נאָך זאָגן:
„דאָס איז דאָס ערגסטע".

אַלטער מאַן: וואו ווילסטו, ברודער, גיין?

גלאָסטער: איז ער אַ בעטלער?

אַלטער מאַן: משוגענער און בעטלער נאָך דערצו.

גלאָסטער: ס׳איז אים פאַרבליבן נאָך אַ פונק פאַרשטאַנד,
ווען ניט וואָלט ער גאָר בעטלען ניט געקאָנט.
אין לעצטן שטורעם האָב איך אַזאַ געזען,
און כ׳האָב באַטראַכט אַ מענטשן פאַר אַ וואָרים.
דאַן איז מיר אויפן זין מיין זון געקומען;
כאָטש כ׳בין מיט אים גאָר פריינטלעך ניט געווען;
איך האָב זייט דאַן פיל מערער נאָך דערפאַרן.
מיר זיינען אין די הענט פון געטער ווי

די פליגן ביי די לייכטזיניקע ייִנגלעך;
זיי טויטן אונז אַלס זייער צייטפֿאַרטרייב.

**עדגאַר** (צו זיך אַליין): ווי האָט עס גאָר פּאַסירט?
ס'איז שלעכט צו שפּילן נאַר ווען מ'איז אין צער.
מען ערגערט זיך און אַנדערע. (הויך) מיין האַר!

**גלאָסטער:** איז דאָס דער זעלבער יונג, דער נאַקעטער?

**אַלטער מאַן:** יע, גנעדיקער לאָרד.

**גלאָסטער:** נו, גיי מיין פֿריינט. אויב ווילסט אונז ווידער טרעפֿן,
אַ מייל, צי צוויי, אויפֿן וועג נאָך דאָווער צו,
דאַן טו עס צוליב אונזער אַלטער ליבע;
און ברענגט אַ קלייד פֿאַר דעם נאַקעטן מענטש;
זאָל ער מיך פֿירן.

**אַלטער מאַן:** אַך, הער, ער איז פֿון זין אַראָפּ!

**גלאָסטער:** עס איז די קללה פֿון דער צייט,
ווען ס'ווערן בלינדע פֿון משוגענע געפֿירט!
טו ווי כ'האָב דיך געבעטן, אָדער טו
שוין ליבערשט ווי דו ווילסט אַליין;
צו אַלעם ערשט דאָך, גיי, גיי.

**אַלטער מאַן:** כ'וועל ברענגען אים דעם בעסטן אָנצוג וואָס
איך האָב, זאָל זיין וואָס ס'וויל זיך. (גייט אַוועק)

**גלאָסטער** (צו עדגאַרן): הער צו, דו נאַקעטער יונג!

**עדגאַר:** טאָם טרייסלט זיך פֿון קעלט. (צו זיך אַליין)
איך קען ניט מערער האַלטן זיך פֿאַרשטעלט!

**גלאָסטער:** קום, פֿריינט, אַהער.

**עדגאַר** (צו זיך): און דאָך, איך מוז.
שיץ, גאָט, די ליבע אויגן דיר, זיי בלוטיקן.

**גלאסטער:** ווייסטו דעם וועג נאָך דאָווער?

**עדגאר:** יאָ,ביידע, אי דעם וועג און אי דעם טויער.
אויף פערד און אויך צופוס. דער אָרעמער טאָם
איז ווי צעדולדט. זאָל גאָט דיך שיצן,
דו ערלעך מענטשנקינד, פון אַלע בייזע רוחות!

**גלאסטער:** דאָ, נעם דאָס גאָלד, דו וועמען הימלס צאָרן
האָט טיף צו יעדער פּלאָג אַראָפּגעבויגן;
מיין עלנט מאַכט דיך פילן גליקלעכער.
אָ, געטער, רעכט אַזוי! ס׳זאָל דער, וואָס האָט
צופיל, דער איבערזעטיקטער פון לוסט,
וועם אייער גערעכטיקער געזעץ פאַרשקלאַפט,
און וויל ניט זען — ווייל ס׳פעלט אים דאָס געפיל,
דער זאָל גאָר גיך דערפילן אייער מאַכט;
צעטיילונג זאָל פאַרטיליקן איבערמאָס,
און יעדער מענטש זאָל האָבן וואָס ער דאַרף.
דו ווייסט דעם וועג נאָך דאָווער?

**עדגאר:** יאָ, האַר!

**גלאסטער:** דאָרט איז אַ פעלז, וועמעס הויכער, רונדער קאָפּ
קוקט מוראדיק אַראָפּ אין טיפן תהום.
דו ברענג מיך נאָר צו יענעם סאַמע ראַנד;
איך וועל דאָרט לינדערן דיין אָרימקייט
מיט עטוואָס טייערעס, וואָס איך פאַרמאָג;
פון יענעם אָרט דאַרף איך קיין פירער מער.

**עדגאר:** גיב מיר דיין האַנט,
דער אָרעמער טאָם וועט דיך באַגלייטן.
(גייען אַוועק)

צווייטע סצענע

(פארן שלאָס פון הערצאָג פון אלבאני. עס טרעטן אויף גאנעריל און עדמונד).

**גאנעריל:** זייט געגריסט, מיין לאָרד! מיך וואונדערט וואָס מיין גוטער מאַן האָט אונז נישט דאָ באַגעגנט. (אסוואלד קומט אַריין) וואו איז דיין באַלעבאָס?

**אסוואלד:** אין הויז, מאַדאַם; דאָך זייער שטאַרק פאַר־ענדערט.
איך האָב דערציילט אים פון דער מעכטיקער
אַרמיי, וואָס האָט געלאַנדעט דאָ; האָט ער
געשמייכלט. כ'האָב געזאָגט אים, אַז איר קומט;
זיין ענטפער איז געווען „ס'איז ערגער נאָך".
כ'האָב אים דערציילט פון גלאָסטערס גרוים פאַרראַט,
און פון זיין זון, וואָס דינט אַזוי געטריי,
דאַן האָט ער „דומקאָפּ" אָנגערופן מיך.
און מיר געזאָגט, אַז כ'נעם די זאַך קאַפּויר.
וואָס ער דאַרף האַסן, שיינט אים זיין גאָר ליב;
וואָס ער דאַרף ליבן — שטויסט ער אָפּ.

**גאנעריל** (צו עדמונד): ניט ווייזט זיך בעסער פאַר אים.
דאָס איז זיין שטענדיקע מורא פון אַ פייגלינג,
וואָס שרעקט אים אָפּ פאַר יעדער קליינער זאַך.
קיין אומרעכט רירט אים נישט, אויב ער באַדאַרף
זיך נאָר פאַרטיידיקן. עס וועלן נאָך
די וואונטשן אונזערע דערפילט ווערן.
איר אײַלט זיך, עדמונד, צו מיין שוואָגער צוריק;
מושטירט, באַפעלט און פירט זיין גאַנץ אַרמיי.
איך מוז די וואָפן וועקסלען דאָ, איך נעם
די שווערד און גיב די שפינדל צו מיין מאַן.

דער טרייער דינער זאָל דער פירער זיין;
איר וועט אין קורצן הערן נאָך פון מיר,
אויב איר וועט וואגן עס, פאַר אייער נוץ
אַליין, וואָס אייער דאַמע פון אייך ווינטשט.
טראָגט דאָס; קיין וואָרט. בויגט אייער קאָפּ אַראָפּ;
(טוט אים אָן אַ גאָלדענע קייט און גיט אים אַ קוש)
דער דאָזיקער קוש, וואָלט ער געקאָנט נאָר רעדן,
וואָלט ער דאָן אייער מוט דערהויבן הויך.
פאַרשטייט מיך, זייט געזונט.

**עדמונד:** איך בלייב אויך אייערער אין די רייען פון דעם טויט.

**גאָנעריל:** מיין ליבער גלאָסטער! (עדמונד גייט אַרויס).
ווי גרויס דער חילוק צווישן מאַן און מאַן!
יאָ, דיר באַלאַנגט די פרוי מיט לייב און זעל;
מיין מאַן, מיין נאַר, האַלט מיך פאַרשקלאַפּט.

**אָסוואַלד:** מאַדאַם, דאָ קומט מיין לאָרד! (דער באַדינער גייט אָפּ. אַלבאַני טרעט אויף)

**גאָנעריל:** איך בין היינט ווערט געווען אַן אויפנאַמע.

**אַלבאַני:** אָ, גאָנעריל!
דו ביסט ניט ווערט דעם שטויב, וואָס ס׳בלאָזט דער ווינט
דיר אין געזיכט. עס שרעקט מיך דיין געמיט.
אַ וועזן, וואָס פאַראַכט זיין אָפּשטאַמונג,
קען קיינמאָל ניט צופרידן זיין מיט זיך;
אָט די וואָס רייסט זיך אָפּ פון מוטער־בוים,
און לעבט פאַר זיך, מוז וועלקן אומבאַדינגט,
און ענדלעך אונטערגיין.

**גאָנעריל:** גענוג; דער טעקסט איז נאַריש.

**אַלבאַני:** די חכמה, גוטסקייט, שיינט דעם שלעכטן שלעכט;

שמוץ גלוסט צו שמוץ. זאָגט וואָס האָט איר געטאָן?
ווי טיגערס, ניט ווי טעכטער, זיך באַוויזן!
אַ פאָטער און אַ הערלעך־שיינער גרייז,
וועם אויך דער ווילדער בער וואָלט נאָך געלעקט
די האַנט! — אָ, שאַנד! אָ, מערדערישע זינד!
איר האָט פון זינען אים אַראָפּגעפירט.
ווי האָט מיין איידעלער שוואָגער גאָר געקאָנט
פאַרטראָגן אַזאַ טאַט? אַ מאַן, אַ פירשט,
וואָס האָט אים צו פאַרדאַנקען אַזוי פיל!
אויב ס'שיקן נישט די געטער גיך אַראָפּ
די גייסטער איינצוצאַמען אָט דאָס שלעכטס
דאַן קומען וועט די צייט גאָר זייער שנעל,
ווען ס'וועלן מענטשן איינס דאָס אַנדערע
פאַרשלינגען ווי די ים־פיש אין דער טיף.

**גאָנעריל:** קליין־מוטיקער מענטש!
וואָס טראָגט אַ באַק פאַר פעטש, אַ קאָפּ פאַר שאַנד;
וואָס האָט קיין אויג צו אונטערשיידן, וואָס
ס'איז ערע און וואָס שאַנד; וואָס ווייסט גאָר נישט,
אַז דומקעפּ בלויז באַדויערן דעם לומפּ,
וואָס ווערט באַשטראָפט נאָך איידער ער באַגייט
די בייזע טאַט. וואו איז דיין באַראַבאַן?
עס פלאַטערט שוין די פאָן פון פראַנקרייך לאַנג
אין אונזער פרידנפולער לאַנד; עס הויבט
דער פיינט שוין אויף זיין גאַוותדיקן קאָפּ;
און דו, אַ טוגנד־נאַר, דו זיצסט און שרייסט:
„פאַרוואָס, נאָך וואָס, נאָך ווען?"

**אַלבאַני:** דו, טייוול, קוק זיך אָן אַליין!
די העסלעכקייט זעט גאָר נישט אויס ביים טייוול
אַזויפיל מוראדיק, ווי ביי דער פרוי.

**גאָנעריל:** אָ, פוסטער נאַר!

**אַלבּאַני:** דו פאַרמאַסקירטער וועזן דו! נישט מאַך
אויס שאַנד דיין פּנים צו אַ חיה גלייך!
וואָלט מיר געפּאַסט, אַז אַט די דאָזיקע הענט
זאָלן פאָלגן מיין בלוט, וואָלטן זיי צעריסן דיר
דיין לייב, און דיר צעבראָכן יעדן ביין!
נאָר ווייל דו ביסט אַ טייוול, ווערט דיין פרוים
געשטאַלט באַשיצן דיך?

**גאָנעריל:** זע זע, דעם מאַן וואָס רעדט — מיו!
(אַ שליח טרעט אויף)

**אַלבּאַני:** וואָס ברענגסטו נייס?

**שליח:** אָ, גנעדיקער האַר, דער הערצאָג קאָרנוואָל איז טויט;
זיין קנעכט האָט אים דערמאָרדעט, ווען ער האָט
געוואָלט דאָס צווייטע אויג פון גלאָסטערס אויסרייסן.

**אַלבּאַני:** גלאָסטערס אויגן!

**שליח:** אַ קנעכט, וואָס גלאָסטער האָט דערצויגן,
אויס מיטלייד, האָט אַנטקעגן זיך געשטעלט,
פאַרמעסטנדיק זיין שווערד אַנטקעגן האַר;
און, מיט צאָרן איז דער האַר דעם קנעכט באַפאַלן,
און מיט גרוים קראַפט, געשליידערט אים, צום טויט;
דאָך ניט אָן יענעם בייזן קלאַפּ, וואָס האָט
דעם האַר אויך מיטגעשלעפּט צום טויט.

**אַלבּאַני:** דאָס ווייזט, אַז איר זייט דאָרט אין הימל דאָ,
איר ריכטער, וועלכע רעכענען זיך אָפּ
גאָר שנעל פאַר יעדער מיאוסער מערדעריי!
דאָך, אָ, דער אָרעמער גלאָסטער האָט ער אויך
דאָס צווייטע אויג פאַרלאָרן?

**שליח:** יאָ, ביידע אויגן האַר.
דער בריוו, מאַדאַם, פאַרלאַנגט אַן ענטפער גיך;
ער קומט פון אייער שוועסטער.

**גאנעריל** (פאַר זיך אַליין): אַ טייל פון דעם געפעלט מיר
זייער גוט;
דאָך זי דאַרט אַן אלמנה, און מיט איר
מיין עדמונד, דער געליבטער, קען אַמאָל
מיין טרוים, דער גאַנצער לופט-שלאָס מיינער פאַלן
אויף מיין פאַרהאַסטן לעבן. צווייטנס איז
די גאַנצע נייס גאָר ניט אַזוי קלאָר.
כ'וועל לייענען און ענטפערן. (זי גייט אַוועק)

**אלבאני:** וואו איז געווען זיין זון, ווען זיי
האָבן אים די אויגן אויסגעשטאָכן?

**שליח:** ער איז מיט אייער פרוי אַהערגעקומען.

**אלבאני:** ער איז נישט דאָ.

**שליח:** מיין האַר; כ'האָב אים געטראָפן גיין צוריק.

**אלבאני:** ווייסט ער פון אומגליק, וואָס עס האָט פאַסירט?

**שליח:** יאָ, האַר; ס'איז ער, וואָס האָט זיין פאָטער פאַר־
ראָטן
און איז אומישנע פון דעם הויז אַוועק,
כדי זיך אויסצודרייען פון דער שטראָף.

**אלבאני:** גלאָסטער — איך לעב,
דיך צו באַלוינען פאַר דער ליבע, וואָס
דו ווייזט אַרוים דעם קעניג, און כדי
נקמה נעמען פאַר די אויגן דיינע.
קום פריינט, און זאָג מיר, וואָס דו ווייסט נאָך מער.

דריטע סצענע

(דער פראַנצויזישער לאַגער ניט ווייט פון דאָווער,
עם טרעטן אויף קענט און אַ ריטער)

**קענט:** ווייסט איר די אורזאַך, פאַרוואָס דער קעניג פון
פראַנקרייך איז צוריקגעפאַרן אַזוי גיך?

**ריטער:** צוליב אַ ניט פֿאַרענדיקט שטאַט-געשעפֿט, וועגן וואָס ער טראַכט זינט ער איז צוריקגעקומען, וואָס דראָט דער קעניגרייך מיט שרעק און פֿיל געפֿאַר, און ס׳איז זיין געגנוואַרט געוועזן דרינגנד און אומפֿאַרמיידלעך.

**קענט:** וועמען האָט ער דאָרט אַלס גענעראַל געלאָזן?

**ריטער:** דעם מאַרשאַל פֿון פֿראַנקרייך, מאָנסיור לאַ פֿער.

**קענט:** האָבן אייערע בריוו ניט באַווירקט דער קעניגין אַרויסצואווייזן עפּנטלעך איר לייד?

**ריטער:** יע, זי האָט זיי געלעזן אין מיין אַנוועזנהייט;
און דאַ און דאָרט האָט זיך אַ גרויסע טרער
אַראָפּגעקייקלט אויף איר צאַרטער באַק.
זי׳ט אויסגעזען ווי אַ קעניגין
באַהערשנדיק איר שמערץ, וואָס האָט געוואָלט
בונטאַריש זיין אַ הערשער איבער איר.

**קענט:** אָ, ס׳האָט איר דאַן געמוזט שטאַרק רירן.

**ריטער:** דאָך נישט צו צאָרן; ס׳האָבן קריג געפֿירט
געדולד און לייד, ווער ס׳זאָל איר אויסלייען
דעם שענסטן אויסדרוק. מ׳האָט געזען דאָרט
די זון און רעגן אין דער זעלבער צייט;
איר טרער און שמייכל זיינען שענער נאָך
געווען; דאָס ליבע שמייכלען אירס, וואָס האָט
זיך אויף די פֿרישע ליפּן אָפּגעשפּיגלט,
האָט ניט געוואוסט גאָר, פֿון די ליבע געסט,
די טרערן, אין שיין פֿון אירע ליבע אויגן;
וואָס האָבן זיך פֿון זיי אַראָפּגעגליטשט,
ווי ס׳קייקלען פּערל זיך פֿון דימענטן.
קורץ, מ׳וואָלט דעם שמערץ אַלס אוצר גאָר באַטראַכט
ווען ער וואָלט אַלעמען אַזוי באַצירט.

**קענט:** זי האָט אייך גאָרנישט ניט געפֿרעגט?

ריטער: געווים, זי האָט דעם נאָמען „פאָטער"
אַרויסגעזיפצט ווי ס'וואָלט איר האַרץ געדריקט;
זי'ט אויסגערופן „שוועסטער! שוועסטער! שאַנד
פון פרויען! שוועסטער! קענט! פאָטער! שוועסטער!
וואָס, ווי? אין שטורעם? אין דער נאַכט? וואָס, גלויבט
מען מער אין מיטלייד נישט?" דאַן האָבן פון
איר הימל-אויגן הייליקע טרערן געשטראָמט;
און האָבנדיק זיך אויף אַ קול צעוויינט,
איז זי דאַן מיט איר ווייַ אַליין אַוועק.

קענט: עס זיינען די שטערן, אויבן דאָרט אין הימל,
וואָס הערשן איבער אונזערער נאַטור;
ווען ניט וואָלט מאַן און ווייב דאָך ניט געקענט
גאָר געבוירן אַזעלכע פאַרשיידענע קינדער.
איר האָט צו איר זינט דאַן גאָר נישט גערעדט?

ריטער: ניין.

קענט: איז דאָס געווען נאָך איידער ס'איז דער קעניג צו-
ריקגעקומען?

ריטער: ניין, דערנאָך.

קענט: נו, גוט מיין הער!
דער אָרעמער קראַנקער ליר איז אין דער שטאָט;
אַמאָל, אין בעסערער שטימונג, טרעפט, דערמאָנט
ער זיך, נאָך וואָס מיר זיינען דאַ, און וויל
אויף קיין שום אופן ניט זיין טאָכטער זען.

ריטער: פאַרוואָס נישט, ליבער האַר?

קענט: עס איבערוועלטיקט אים די שאַנד;
זיין אייגענע האַרצלאָזיקייט, בשעת
ער האָט זיין ברכה פון איר אַוועקגענומען,
און האָט זי בייז ווי אויף דעם ווינט געלאָזן,
און האָט איר טייערע ירושה אויך

אוועקגעגעבן צו די הינטישע שוועסטער, —
דאָס אַלץ האָט גיפטיק אים זיין האַרץ געשטאָכן
אַז ס'האַלט אים אָפּ זיין גליענדיקע שאַנד
פון צו זען קאָרדעליאַ.

**ריטער:** אַך, אומגליקלעכער האַר!

**קענט:** ווייסט איר פון קאָרנוואַלס און אַלבאַנים אַרמייען?

**ריטער:** מען זאָגט, זיי שטייען ביידע שוין אויפן פעלד.

**קענט:** נו, קומט איצט, הער, צו אונזער קעניג ליר
און איר וועט אַכטונג געבן דאָרט אויף אים!
איך מוז צוליב געוויסער אורזאַך נאָך
זיך האַלטן וואו פאַרבאָרגן אויף אַ ווייל;
און ווען אירט זיך דערוויסן ווער איך בין,
וועט איר מיט מיין באַקאַנטשאַפט זיין צופרידן.
איך בעט אייך, קומט מיט מיר.
(זיי ביידע גייען אַוועק)

פערטע סצענע

(אויפן זעלבן פעלד, אַ געצעלט. עס טרעטן אויף
מיט פויק און פאָן קאָרדעליאַ, אַ דאָקטאָר
און סאָלדאַטן)

**קאָרדעליאַ:** אוי, דאָס איז ער: מען האָט אים ערשט געזען,
אין צאָרן ווי דער בייזער ים; ער האָט
געזונגען אויפן קול; און איז באַקראַנצט
געוועזן מיט אומקרויט און מיט ווילדן פלאַנץ,
מיט קראָפּיווע, און אַל די פּוסטע גראָזן
וואָס וואַקסן אין דעם נאַרהאַפטן קאָרן-פעלד.
שיקט הונדערט לייט אַרויס, און פאָרשט גוט דורך
אַ יעדן אַקער אין הויך-באַוואַקסענעם פעלד,

און ברענגט אים דאָ צו אונז אַהערצוצו.
(אַ באַאַמטער גייט אַוועק — צום דאָקטאָר)
זאָגט־ וואָס פאַרמאָגט דעם מענטשנס וויסנשאַפט
צו קענען געבן אים זיין זין צוריק?
אַט דער, וואָס היילט אים, קריגט מיין גאַנץ פאַרמעג.

**דאָקטאָר:** ס'איז דאָ אַ מיטל, מאַדאַם.
דער בעסטער מיטל פון נאַטור איז רו;
דאָס פעלט אים; און כדי ער זאָל עס קריגן
איז דאָ פיל מעדיציניש קרייטעכער,
וואָס קענען איינשלעפערן זיין פיין.

**קאָרדעליא:** איר אַלע הימלישע סודות,
איר אַלע פאַרבאָרגענע כוחות פון דער ערד,
שפּראָצט־אויף דורך מיינע טרערן! און קומט העלפן
און לינדערן דעם גוטן מענטשנס לייד!
(צו די באַאַמטע)
גיך זוכט אים אויף איידער זיין ווילדער צאָרן
לייזט אויף דאָס לעבן זיינס, אָן וועלכער הילף.
(אַ שליח טרעט אויף)

**שליח:** כ'האָב נייעס, מאַדאַם;
די בריטישע אַרמייען קומען אָן.

**קאָרדעליא:** מען ווייסט עס שוין; דאָך זיינען מיר שוין גרייט
זיי אויפצונעמען. אָ, מיין ליבער פאָטער!
איך גיי מיט זיי אין קריג בלויז דיר צוליב;
דעריבער האָט דער גרויסער פראַנקרייך איצט
פאַרנומען ס'וויינען מיינס, מיין טרויערן, און
עס טרייבט אונז נישט צו קריג קיין פוסטער שטאָלץ,
נאָר ליבע, און אויך אונזער פאָטערס רעכט;
איך וועל אים אפשר זען באַלד און הערן! (זי גייט אַוועק)

פינפטע סצענע

(אַ זאַל אין גלאָסטערס פּאַלאַץ. עס טרעטן אויף רעגאַן און אָסוואַלד)

**רעגאַן:** צי זיינען שוין מיין ברודערס מחנות אין פעלד?

**אָסוואַלד:** יאָ, מאַדאַם.

**רעגאַן:** און ער אַליין איז אויך מיט זיי?

**אָסוואַלד:** ניט גאָר מיט צופיל חשק, מאַדאַם.

**רעגאַן:** האָט עדמונד גערעדט מיטן לאָרד ביי אייך אין שלאָס?

**אָסוואַלד:** ניין, מאַדאַם.

**רעגאַן:** וואָס שטייט אין בריוו, וואָס זי האָט אים געשיקט?

**אָסוואַלד:** איך ווייס נישט, ליידי.

**רעגאַן:** ער איז אַוועק צוליבּ אַ וויכטיקער זאַך.
עס איז געווען אַ גרויסע נאַרישקייט
צו לאָזן גאָר דעם בלינדן גלאָסטער לעבן;
ווייל וואו ער קומט, באַוועגט ער יעדנס האַרץ
מיט צאָרן קעגן אונז. יאָ, עדמונד איז
אַוועק, שטעל איך מיך פאָר, אויס מיטלייד פיל
צום פאָטערס עלנטקייט, צו ענדיקן
זיין פינצטערן לעבן; און אין זעלבער צייט
דעם שונאס מאַכט צו שפּיאָנירן.

**אָסוואַלד:** כ׳מוז נויטיק, האַרין, ברענגען אים מיין בריוו.

**רעגאַן:** ס׳גייען מאָרגן אונזערע מחנות אָפּ. בלייב דאָ.
די וועגן זיינען פול מיט גרויס געפאַר.

**אסוואלד:** איך קאָן נישט, מאַדאַם;
מיין לײדי האָט מיר דרינגענד עס באַפוילן.

**רעגאַן:** וואָס דאַרף זי שרייבן עדמונדן אינגאַנצן?
האָסט נישט געקאָנט עס איבערגעבן מיטן מויל?
פיליכט — עטוואָס — איך ווייס נישט וואָס. איך וועל
דיך דאַנקען; לאָז מיר עפענען דעם בריוו.

**אסוואלד:** כ׳וועל ליבערשט, מאַדאַם —

**רעגאַן:** איך ווייס, די הערצאָגין האָט איר מאַן נישט ליב,
דאָס ווייס איך וואויל; און ווען ז׳איז לעצטנס דאָ
געוועזן האָט זי מאָדנע חנדעלעך
און רעדעוודיקע בליקן געוואָרפן אויף
דעם איידעלן עדמונד; דו ביסט איר פאַרמיטלער.

**אסוואלד:** איך, מאַדאַם?

**רעגאַן:** איך רעד ניט גלאַט אַזוי; יאָ, דו ווייסט אַלץ;
איך עצה דיר דערפאַר, און הער מיך אוים;
מיין מאַן איז טויט; איך האָב מיט עדמונדן גערעדט,
ער פּאַסט זיך צו פאַר מיר פיל בעסער ווי
פאַר דיין מאַדאַם; פאַרשטייז דאָס רעשט אַליין.
אויב וועסט אים טרעפן, בעט איך, גיב אים דאָס;
און ווען דיין פירשטין ווערט פון דעם געוואָר
דאַן זאָג איר: זיך צו העלפן אויב זי קען.
נו, גיי געזונט!
אויב ס׳וועט מיט דיר זיך טרעפן דער פאַררעטער,
אַ גרוים באַלוין קומט דעם וואָס הרגעט אים.

**אסוואלד:** איך וויל בלויז, פירשטין, כ׳זאָל אים טרעפן נאָר,
כדי איר זאָלט קענען זען מיט וועם איך האַלט.

**רעגאַן:** נו, גיי געזונט.
(זיי ביידע גייען אַוועק)

## זעקסטע סצענע

(אַ פעלד ניט ווייט פון דאָווער. עס טרעטן אויף:
גלאָסטער, און עדגאַר געקליידט ווי אַ פּויער)

**גלאָסטער:** ווען קומען מיר צום שפּיץ פון אָט־דעם באַרג?

**עדגאַר:** איר קלעטערט שוין; זעט, ווי ס'איז שווער דער
וועג.

**גלאָסטער:** מיר דוכט זיך, אַז דער באָדן איז דאָ פלאַך.

**עדגאַר:** גאָר שטאַרק משופּעדיק. הערט איר דעם ים?

**גלאָסטער:** ניין, ניין.

**עדגאַר:** די אַנדערע חושים ווערן אויך אייך שטומפּ
דורך אייער אויגן־שמערץ.

**גלאָסטער:** קאָן זיין אַזוי;
מיר דוכט זיך, אַז דיין שטים האָט זיך געביטן,
דו רעדסט מיט קלאָרערן אויסדרוק ווי פריער.

**עדגאַר:** איר מאַכט אַ טעות; כ'האָב זיך נישט פאַרענדערט
אַחוץ אין מיינע קליידער.

**גלאָסטער:** מיר דוכט, דו רעדסט פיל קלאָרער איצט.

**עדגאַר:** קומט, קומט, דאָ איז דאָס אָרט. שטייט שטיל. ווי
ס'שרעקט
און ס'שווינדלט דאָ אין תהום אַראָפּצוקוקן!
די קראָען, וועלכע פלאַטערן אין דער לופט,
זעען קוים ווי זשוקעס אויס. האַלבוועגס אַראָפּ
הענגט איינער ווי אין לופט און קלייבט דאָרט קראָפּ,
אַ שרעקלעכע מלאכה! ער זעט פון דאָרט
מיר אויס ניט גרעסער ווי זיין אייגענער קאָפּ.
די פישער־לייט וואָס גייען ביי דעם ברעג

זעען אוים ווי מייז; און יענע הויכע שיף
ביים אַנקער, קליין ווי ס׳קליינע שיפל אירם;
און אויך איר קליינע שיפל — שווער צו מערקן גאָר.
די מורמלענדיקע כוואַליע ביי דעם ברעג
אין רויש פון ים פאַרפלייצט די שטיינדעלעך
אָן צאָל, דערגרייכט נישט צו דער הויך אַהער.
איך וויל נישט קוקן מער אַראָפּ, אַניט
פאַרדרייט זיך מיר מיין קאָפּ, און ס׳וועט מיין אויג,
פאַרבלענדערהייט, מיך פירן טיף צום גרונט.

**גלאָסטער:** שטעל מיך וואו דו שטייסט.

**עדגאַר:** גיט מיר די האַנט. איר שטייט איצט בלויז אַ פוס
פון סאַמע ראַנד. פאַר אַלצדינג אין דער וועלט
וואָלט איך אַראָפּצושפּרינגען נישט געוואָלט.

**גלאָסטער:** לאָז אָפּ מיין האַנט.
דאָ פריינט, איז נאָך אַ בייטל, און אין אים —
אַן איידלשטיין, וואָס ס׳לוינט זיכער זיך
דעם אָרעמאַן צו נעמען אים. און זאָלן
די אַלע געטער בענטשן דיך מיט אים!
נו, גיי צוריק; און שייד זי דאָפּ פון מיר;
און לאָז מיך הערן, ווי דו גייסט אַוועק.

**עדגאַר:** אַדיע, מיין גוטער האַר.
(ער ציילט אָפּ אייניקע טריט ווי ער גייט אַוועק)

**גלאָסטער:** איך ווינטש דיר פון מיין גאַנצן האַרצן גליק.

**עדגאַר** (צו זיך אַליין): איך נאַר אים אָט־דעם פאַרצווייפלטן אַזוי,
מיט דער כוונה אים צו ראַטעווען.

**גלאָסטער** (קניענדיק): אָ, מעכטיקע געטער!
איך זאָג זיך אָפּ פון אָט דער דאָזיקער וועלט,
און פאַר די אויגן אייערע וואַרף איך

אַראָפּ געדולדיק דאָ מיין גרויסע לייד.
וואָלט איך עס לענגער נאָך געקאָנט פּאַרטראָגן,
און איך וואָלט ניט אין קיין שום קריג אַריין
מיט אייער שטאַרקן איינגעשפּאַרטן ווילן,
וואָלט איך געלאָזט מיין מידע לעבנס-ליכט
פון זיך אַליין אויסברענען. בענטשט אים, אָ,
אויב עדגאַר לעבט! נו, זיי געזונט, מיין פריינט.
(גלאָסטער וואַרפט זיך פאָראויס ווי ער וואָלט געפאַלן
אין אָפּגרונט אַריין, אָבער בלייבט ליגן אומבאַוועגלעך
אויפן זעלבן אָרט.)

**עדגאַר:** כ'בין שוין אַוועק פון אייך, מיין האַר, אַדיע.
(צו זיך אַליין)
דאָך ווייס איך נישט, צי די פאַנטאַזיע קען
אַוועקנעמען דעם אוצר פון דעם לעבן,
ווען ס'לעבן גיט זיך איבער זעלבסט צום טויט.
וואָלט ער געווען דאָרט וואו ער האָט געמיינט,
וואָלט ער דורכדעם שוין איצט נישט מער געווען.
(אויפן קול צו גלאָסטערן)
צי לעבט איר אָדער טויט? הע, גוטער האַר!
מיין פריינט! צי הערט איר, ליבער האַר? אָ, רעדט!
(צו זיך)
יאָ, ער וואָלט שטאַרבן אָט אַזוי געקענט;
דאָך, ניין, ער לעבט. (גייט צו צו גלאָסטער) ווער זייט
איר, האַר!

**גלאָסטער:** אַוועק, און לאָז מיך שטאַרבן.

**עדגאַר:** ווען דו וואָלסט נישט געווען ווי זומער-פעדים,
ווי פעדערן, ווי לופט, — ווען ביזט געפאַלן
אַזויפיל קלאַפטער טיף אַראָפּ — וואָלסטו
צעשמעטערט דאָן געוואָרן ווי אַן איי;
דו אָטעמסט פאָרט, פאַרמאָגסט אַ שטאַרקן גוף,

דו בלוטיקסט נישט, דו רעדסט און ביזט גאָר גאַנץ.
צען מאַסטן זיינען נישט אַזוי פיל הויך
ווי ס׳איז די הויך פון וואַנען ביסט געפאַלן;
אַ וואונדער וואָס דו לעבסט! רעד נאָכאַמאָל.

**גלאָסטער:** בין איך געפאַלן טאַקע אָדער ניט?

**עדגאַר:** פון שרעקלעכן שפּיץ, פון אָט דעם קריידיקן ברעג.
קוקט נאָר אַרויף; מען קען ניט זען מער
און אויך ניט הערן פון דער ווייטער הויך
די זינגענדיקע לערך; קוקט נאָר אַרויף —

**גלאָסטער:** אַך, גאָט! איך האָב קיין אויגן ניט.
איז דען דעם עלנדן פאַרבאָטן אויך
דאָס גרויס גענאַד, דאָס לעבן נעמען זיך?
ס׳איז שטענדיק נאָך געווען אַ טרייסט, ווען ס׳האָט
דער עלנדער געקאָנט באַפרייען זיך
פון צאָרן פון טיראַן — דאָס לעבן זיינס,
און אויסגעלאַכט זיך פון זיין שטאָלצן ווילן.

**עדגאַר:** גיט מיר די האַנט. (ער העלפט אים אויפשטיין)
שטייט אויף; אַזוי. ווי פילט
איר זיך? פילט איר די פיס? קענט שטיין אויף זיי?

**גלאָסטער:** צו־גוט, צו־גוט.

**עדגאַר:** דאָס איז גאָר צו באַוואונדערן.
ווער איז עס דאָרט געווען אויפן ראַנד פון פעלז,
וואָס ס׳איז פון אייך אַוועק?

**גלאָסטער:** אַן אומגליקלעכער בעטלער.

**עדגאַר:** דאָ אונטן, האָבן אויסגעזען מיר
די אויגן זיינע ווי לבנות צוויי;
און ווי ער וואָלט אַ טויזנט נעז פאַרמאָגט,
און אויסגעקרימטע הערנער, און ער האָט

געוויגט זיי ווי דער ווינגדיקער ים.
עס איז אַ שד געווען; גלויב דערפֿאַר,
באַגליקטער פֿאָטער, אַז די געטער בלויז,
געערט פֿאַר זאַכן וואָס אוממעגלעך גאָר
פֿאַר מענטש צו טאָן, האָבן דיך געראַטעוועט.

**גלאָסטער:** יאָ, איך געדענק עס איצט. איך וועל פֿון היינט
און ווייטער אָן מיין עלנט טראָגן, ביז
עס רופֿט פֿון זיך אַליין, „גענוג, גענוג!"
און שטאַרבן. די זאַך, פֿון וואָס איר רעדט, האָב איך
געדענקט, אַז ס'איז געווען אַ מענטש; האָט אָפֿט
אַרויסגעשריען הויך: „דער שד, דער שד!"
ער האָט עס מיך אַהערצו צוגעפֿירט.

**עדגאַר:** זייט רואיק און געטרייסט. דאָך ווער קומט דאָרט?
(ליר טרעט אויף פֿאַנטאַסטיש באַצירט מיט בלומען און קראַנצן)
געזונטער גייסט וואָלט קיינמאָל ניט באַפּוצט
זיין מייסטערס קאָפּ אַזוי.

**ליר:** ניין, וועגן די מטבעות קענען זיי
מיך גאָרנישט טאָן; איך בין דער קעניג זעלבסט.

**עדגאַר** (צו זיך): אָ, האַרץ-צערייסנדיקער אויסזען!

**ליר:** אין אָט דעם זין שטייט די נאַטור פֿיל מעכטיקער ווי קונסט. דאָ האָט איר אייער האַנט-געלט. דער יונג האַלט זיין בויגן ווי אַ קראָהען-טרייבער. גיט אַ פֿולן אַרשין די לענג. זעט, זעט, אַ מויז! שטיל, שטיל; די דאָזיקע שטיק געברוינטע קעז וועט זיין גענוג. דאָרט איז מיין אייזערנע הענטשקע! איך וואָלט פֿאַרמאָסטן זיך מיט איר אויף קעגן גרעסטן ריז. ברענגט מיר די ברוינע שטיבל דאָ אַהער! אָ, בּיסט געפֿלויגן, פֿויגל, פֿיין אין ציל; אין ציל! הו! (צו עדגאַרן) גיט דעם צייכן פֿון דער וואַך!

**עדגאר:** זיסער מאיאָראַן. —

**ליר:** גיי דורך.

**גלאָסטער:** איך קען די שטים.

**ליר:** אָ, גאַנעריל! און מיט אַ ווייסער באָרד! זיי האָבן מיך געחנפעט ווי אַ הונט; און האָבן מיר געזאָגט, אַז איך האָב ווייסע האָר געהאַט אין באָרד, פיל פריער ווי די שוואַרצע זיינען דאָרט געווען. — צו זאָגן „יאָ" און „ניין" צו אַלץ, וואָס כ'האָב געזאָגט! „יאָ" און „ניין" צוגלייך, איז ווייט פון גוטן גלויבן. ווען דער רעגן איז געקומען דורכ־צונעצן מיך און דער ווינט מיך ציטערן צו מאַכן, און דער דונער האָט שווייגן ניט געוואָלט אויף מיין באַפעל, דאָרט האָב איך זיי געפונען, דאָרט האָב איך זיי דערשפּירט. גיי ווייטער, מען קען זיך ניט אויף זיי פאַרלאָזן; זיי האָבן מיר געזאָגט, אַז איך בין אַלץ; דאָס איז אַ ליגן, איך בין פון פיבער נישט געשיצט.

**גלאָסטער:** עס איז מיר אָט די שטים גאָר וואויל באַקאַנט. צי איז עס ניט דער קעניג?

**ליר:** יע, קעניג פון די פיס ביז צו זיין קאָפּ.
ווען כ'טו אַ בליק, דאַן ציטערט אויף דער קנעכט!
איך שענק דאָס לעבן אים. וואָס איז זיין זינד?
ניין, ניין, פאַר זנות באַשטראָף איך ניט מיט טויט;
ס'האָט גלאָסטערס ממזר מער געליבט זיין פאָטער
ווי מיינע טעכטער, די געזעצלעכע;
גיט מיר אַן אונץ פאַרפיום; מיין ליבער אַפּטייקער,
באַווירצט מיר מיין פאַנטאַזיע; דאָ האָט איר געלט.

**גלאָסטער:** אָ, לאָזט מיך קושן אייער האַנט!

**ליר:** לאָזט מיך זי אָפּווישן צוערשט. זי שמעקט מיט טויט.

**גלאָסטער** (צו זיך אַליין): אָ, רואינירטע פּראַכט פון דער נאַטור!

עס וועט אַזוי אויך אונטערגיין די וועלט!
דערקענסטו מיך?

**ליר:** איך דערינער מיך אין דיינע אויגן זייער גרינג. נאַר וואָס־זשע קוקן זיי עפּעס קרום אויף מיר? ניין, טוסטו זיך מיען גאַר אומזיסט, בלינדער קופּידאָן; איך וועל דיך נישט ליב האָבן. לעז אָבער די דאָזיקע אַרויספאָדערונג; קוק אָן די האַנטשריפט נאָר!

**גלאָסטער:** וואָלט אויך אַ יעדער אות געווען אַ זון,
וואָלט איך אויך גאָרנישט ניט געזען.

**עדגאַר** (צו זיך): איך וואָלט עס ניט געגלויבט, ווען מ׳וואָלט עס מיר דערציילט; ס׳איז דאָך אַזוי, און ס׳ברענט מיין האַרץ.

**ליר** (צו גלאָסטער): נו, לייען עס.

**גלאָסטער:** וואָס, מיט די לעכער פון די אויגן?

**ליר:** אוי, אוי, אַזוי איז דאָס? קיין אויגן ניט אין קאָפּ, און אויך קיין געלט ניט אין דיין בייטל? זיי האָבן אויסגע־שטאָכן דיר די אויגן, און אויך דיך אויסגעלערט דעם בייטל? דאָך זעסטו ווי עס גייט די וועלט!

**גלאָסטער:** איך זע זי נישט, איך פיל זי אָבער דאָך.

**ליר:** דו ביזט משוגע, וואָס? אַ מענטש קען זען ווי עס גייט די וועלט אויך אָן אויגן. נו, זע זי מיט דיינע אויערן; זע, ווי יענער ריכטער זידלט יענעם נאַרישן גנב. הער מיט דיינע אויערן; בייט זיך מיט דעם אָרט; און דריי אי־בער פלינק די הענט, ווער איז דער ריכטער און ווער איז דער גנב? האָסטו געזען ווי אַ פּאַרמערס הונט באַפאַלט אָן אָרעמאַן?

**גלאָסטער:** יאָ, האַר.

**ליר:** און ווי דער בעטלער איז אַנטלאָפן פון דעם הונט?
דו האָסט געקענט דאָרט זען דאָס גרויסע בילד פון מאַכט;
מען פאָלגט דעם הונט אין אַמט. דער פּראָצענטניק הענגט
דעם שווינדלער. דורך דעם צעריסענעם קלייד, זעט זיך
דאָס בייז אַרויס; דאָס פוטערוואַרג, די זיידענע קלייד
דעקט דאָס בייזע צו. די גאַנצע זינד ווערט איינגעהילט
אין גאָלד, די שטאַרקסטע שווערד פון משפט וועט איר
ניט שעדיקן; אָבער קליידט זי זיך אין שמאַטעס נאָר,
און ס'וועט אַ שטרוי איר דורכשטעכן. איך זאָג, קיין
מענטש איז ניט זינדיק, קיינער ניט; כ'וועל זיי פאַרזיכערן;
פאַרשטיי, מיין פריינט, איך מיין, איך קען דעם שולדיגנ'ס
מויל פאַרשליסן. דו שאַף זיך גלעזערנע אויגן אייך, און
טו ווי אַן אָפּגעדראָשענער פּאָליטיקער, גלייך ווי וואָלסט
געזען זאַכן, כאָטש דו זעסט זיי נישט. נו, נו, נו! ציט
מיר אַראָפּ די שטיוול! אַזוי; פיל שטאַרקער, שטאַרקער!

**עדגאַר** (צו זיך): אָ, טיפער זין מיט נאַרישקייט געמישט!
פאַרנונפט און משוגעת!

**ליר:** אויב דו ווילסט וויינען איבער מיר, נעם מיינע אויגן.
איך קען דיך זייער גוט, דו הייסט גלאָסטער. געדולדיק
זיי; מיר זיינען וויינענדיק געקומען אויף דער וועלט. דו
ווייסט עס. ווען מיר אָטעמען אַריין דעם ערשטן אָטעם
לופט — שוין וויינען מיר און שרייען. כ'וועל תפילה טאָן
פאַר דיר; נו, הער!

**גלאָסטער:** אוי, ווי צו יענעם טאָג!

**ליר:** מיר וויינען ווען מיר ווערן דאָ געבוירן, וואָס מיר באַ-
טרעטן די נאַרן-בינע דאָ, די גרויסע. דער אַ הוט פון וואָל
איז שיין; עס איז געווען אַ מלחמה-איינפאַל, אַ פיינער,
צו באַשוכן פערד מיט גראָבן וואָל. איך וועל פּרובירן;
און ווען איך וועל באַפאַלן מיט מיינע פערד די איידעמס
מיינע, דאַן טויט איך זיי! טויט, טויט, טויט!
(עס טרעטן אויף אַ ריטער מיט באַדינער)

**ריטער** (צו די באַדינער): אָט איז ער דאָ; האַלט אים!
מיין האַר, די ליבסטע טאָכטער אייערע —

**ליר**: קיין רעטונג? וואָס, כ'בין אַ געפאַנגענער? אַ שפּילכל
אין דער האַנט פון גליק. זייט גוט צו מיר; איך וועל אייך
געבן אויסלייז־געלט. קריגט מיר אַ דאָקטאָר, אַ כירורג;
איך ווער פון זינען גערירט.

**ריטער**: אירט קריגן אַלצדינג וואָס איר ווילט.

**ליר**: קיין געהילף? אַליין?
ס'קען דאָך אַ מענטש אַזוי צעגיין אין טרערן,
און נוצן זיינע אויגן פאַר וואַסער־טעפּ,
יאָ, און דעם שטויב פון הערבסט צו לעשן.

**ריטער**: מיין ליבער האַר —

**ליר**: כ'וועל שטאַרבן בראַוו, ווי אַ פאַרליבטער; וואָס?
כ'וועל לוסטיק זיין; קום, קום, איך בין אַ קעניג.
איר ווייסט עס?

**ריטער**: איר זייט אַ גרויסער קעניג און מיר פאָלגן אייך.

**ליר**: דאַן איז נאָך ניט פאַרלאָרן אַלץ. קומט און איר וועט
אים קריגן, אים כאַפּן לויפנדיק.
סאַ, סאַ, סאַ, סאַ.
(ער לויפט סאַפּענדיק און די באַדינער נאָך אים)

**ריטער**: אַ גרוויליק בילד, ווען דאָס געטראָפן וואָלט
דעם בעטלער; היינט ווער רעדט שוין, ווען דעם קעניג!
דו האָסט אַ טאָכטער נאָך, דורך וועלכער ווערסט
באַפרייען זיך פון אַלדאָס בייז און שלעכטס,
דו האָסט געליטן פון די אַנדערע צוויי.

**עדגאַר** (צום ריטער): איך גרים דיך, עדעלער האַר.

**ריטער**: אויך מיין גרוס, האַר; וואָס ווילט איר?

**עדגאר:** געהערט-וואָס פון דעם קריג, מיין האַר?

**ריטער:** ס'איז וועלט-באַקאַנט; ס'ווייסט יעדער איינער שוין
וואָס האָט נאָר אויערן צו הערן עס.

**עדגאַר:** דערלויבט מיר דאָך,
ווי נאָענט איז די אַרמיי פון פיינט?

**ריטער:** זי קומט אַלץ נעענטער שנעל; די הויפּט אַרמיי
קען אויסברעכן אין קריג אַ יעדע וויל.

**עדגאַר:** איך דאַנק אייך, האַר; דאָס אַלץ.

**ריטער:** און ווען אפילו עס וועט די קעניגין
פאַרווײַלן זיך דאָ צוליב געוויסע סיבות,
דאָך איז שוין איר אַרמיי אויפן פעלד אַרוים.

**עדגאַר:** איך דאַנק אייך, האַר. (דער ריטער גייט אַוועק)

**גלאָסטער:** איר אייביק גוטע געטער, אָ, נעמט צו
פון מיר דאָס לעבן; ס'זאָל נישט טרייבן מיך
מיין בייז געמיט צו נעמען זיך אויפּסניי
דאָס לעבן, איידער אייך געפעלט אַליין!

**עדגאַר:** גערעכט איז דיין געבעט, אָ, פאָטער!

**גלאָסטער:** ווער זייט איר, פריינט?

**עדגאַר:** אַן אָרעמער מענטש, געצוימט פון מזלס קלעפּ;
אָט דער, וואָס האָט אין לעבנס שול פון לייד
זיך אויסגעלערנט צו רחמנות האָבן.
גיט מיר די האַנט און כ'פיר אייך צו אַ הויז.

**גלאָסטער:** איך דאַנק אייך פון מיין גאַנצן האַרץ; עס זאָל
גאָטס ברכה שטענדיק אייך פאַרגיטיקן.
(אָסוואַלד טרעט אויף)

**אסוואלד** (צו זיך אַליין): אָ, הויך פּאַרדינטער גליק! וויל־
קאָמען!
דיין אויגנלאָזער קאָפּ באַשאַפן איז
געוואָרן מיין גליק מיר צו פאַרמערן פיל.
דו אַלטער און אומגליקלעכער פאַררעטער,
זיי צוגעגרייט צום טויט; ס׳איז גרייט די שווערד
וואָס וועט דיך באַלד פאַרניכטן.

**גלאָסטער**: נו, זאָל דיין האַנט, מיין פריינט,
דאָן נוצן עס מיט קראַפט.
(עדגאַר שטעלט זיך אַנטקעגן)

**אסוואלד**: דו, פּרעכער פּויער, ווילסט
פאַרטיידיקן אַזאַ פאַררעטער? טרעט־אָפּ,
ווען ניט וועט דאָן זיין אומגליק טרעפן באַלד
אויך דיר. נו, לאָז זיין האַנט גיך אָפּ!

**עדגאַר**: איך וועל נישט אָפּלאָזן ביז ס׳וועט פּאַסירן.

**אסוואלד**: לאָז אָפּ דו שקלאַף, אָדער דו שטאַרבסט!

**עדגאַר**: נו, גייט זיך אייער וועג, און לאָז די אָרעמע לייט צורו. ווען איך וואָלט וועלן פון מיין לעבן זיך באַפרייען, וואָלט איך עס נאָך געטאָן מיט צוויי וואָכן צוריק. קומט מער צום אַלטן מאַן ניט צו. ציט אָפּ פון דאַן. איך גיב מיין וואָרנונג אייך, אָדער איך וועל פּרובירן, ווער ס׳איז שטאַרקער, אייער קאָפּ, צו דער שטעקן מיינער; איך רעד גאַנץ פּראָסט.

**אסוואלד**: אַוועק, דו שמוציקער.

**עדגאַר**: אַהער קומט, איך וועל די ציינער אייך אויסהאַקן. כ׳האָב קיין מורא פאַרן שווערד.
(זיי פעכטן און עדגאַר וואַרפט אסוואלדן אויף דר׳ערד)

**אסוואלד**: שקלאַף, האָסט מיך דערהרגעט. לומפּ, נעם מיין בייטל;

אויב ס׳וועט דיר גליקן נאָר, באַערדיק מיך,
און גיב דעם בריוו, וואָס דו געפינסט ביי מיר
צו עדמונד, גראַף פון גלאָסטער; זוך אים אויף
אין ענגלאַנדס אַרמיי. אָ, אומצייטיקער טויט! (שטאַרבט)

**עדגאַר:** איך קען דיך; אָ, געשיקטער שקלאַף און לומפּ,
פאַרפליכטעט צו די רשעות פון דיין האַרין,
ווי שלעכטקייט וואָלט געוואונטשן.

**גלאָסטער:** וואָס, איז ער טויט?

**עדגאַר:** זעצט דאָ זיך פאָטער צו, און רוט זיך אָפּ.
לאָמיר אַ זוך טאָן אין די קעשענעס זיינע;
ס׳קען יענער בריוו מיר העלפן פיל. ער ז׳טויט.
אַ שאָד נאָר וואָס ער איז דורך מיר געשטאָרבן.
(נעמט אַרויס ביי אָסוואַלדן דעם בריוו)
לאָז זען! ווייכער וואַקס; פאַרגיב, געוויסן.
כדי צו דערגיין וואָס אונזער שונא טראַכט,
וואָלטן מיר אויך אויפגעריסן זיין האַרץ;
די בריוו איז גרינגער פיל פון זייערע זינד. (ער לעזט דעם
בריוו)
„געדענק אונזער געגנזייטיקע שבועה. דו האָסט אַ גרוי-
סע געלעגנהייט, אים אָפּצוראַמען פון וועג; אויב ס׳פעלט
דיך ניט אויס דיין ווילן, וועט צייט און אָרט דיך גינסטיק
אַרויסהעלפן. ס׳וועט גאָר נישט געשען, אויב ער וועט
זיך צוריקקערן אַלס זיגער; איך בין דאַן די געפאַנגענע,
און זיין בעט איז מיין תפיסה. באַפריי מיך פון דער עקל-
דיקער וואַרעמקייט זיינער און פאַרנעם זיין פּלאַץ בלויז
דורך דיין מי.
דיין, — כ׳וויל זאָגן דיין ווייב —
איבערגעגעבענע דינערין
גאָנעריל"
אָ, אומבאַגרענעצטער רוים פון פרויען-ווילן! —

אַ מיאוסן פּלאַן איר פּיינעם מאַן צו מאָרדן;
און אויף זיין אָרט — מיין ברודער! דאָ, אין זאַמד,
פאַרשאַר איך דיך, שליח פון דאָס בייז
און מערדעריי. און, צו דער פּאַסיקער צייט,
וועל איך מיט אָט דעם בייזן בריוו זיך ווייזן
פאַרן הערצאָג, וועם מ׳האָט געזוכט צו טויטן.
עס וועט זיין גוט פאַר אים, ווען כ׳וועל אים דאַן
דערציילן פון דיין טויט און פון דעם פּלאַן.
(עדגאַר שלעפּט דעם טויטן גוף פון דאָרט אַוועק)

**גלאָסטער:** דער קעניג איז פון זינען אַראָפּ.
ווי שטאַרק עס איז מיין זעל, אַז כ׳האַלט זיך נאָך,
און כ׳פיל די שווערע ליידן מיינע שאַרף!
הלוואי וואָלט איך פון זינען שוין אַראָפּ;
ס׳וואָלט דאַן מיין גייסט געשיידט געווען פון פּיין.
און פון פאַנטאַזיעס וואָס פאַרפירן, וואָלט דאַן
מיין ווײי פאַרלאָרן זיין באַוואוסטזיין גאָר.
(עדגאַר קומט צוריק. עס הערן זיך טראָמפּייטן פון דער ווייט)

**עדגאַר:** גיט מיר די האַנט.
מיר דוכט, איך הער פון ווייט דעם באַראַבאַן.
קומט, פאָטער, — כ׳פיר אייך צו אַ גייעם פריינט.
(זיי גייען אַוועק)

זיבעטע סצענע

(אַ קעניגלעכער געצעלט אין פראַנצויזישן לאַגער.
עס טרעטן אויף קאָרדעליא, קענט און
דער דאָקטאָר).

**קאָרדעליא:** אָ, ליבער קענט, ווי קען איך אָפּדינען
אייך פאַר דאָס גוטס? מיין לעבן איז צו קורץ,
און יעדע מאָס פון דאַנקבאַרקייט איז ווייניק.

**קענט:** צו זיין אַזוי באַדאַנקט, איז איבערצאָלט.
אַלץ וואָס איך האָב געזאָגט איז ריינער אמת;
ניט מער, ניט ווייניקער, נאָר ווי עס איז.

**קאָרדעליא:** גיי ענדער דיינע קליידער, ווייל וואָס דו טראָגסט
דערמאָנט אין ערגערע און טרויער־טעג;
איך בעט דיך, טו זיי אויס.

**קענט:** אַנטשולדיקט, טייערע מאַדאַם; אויב איר
דערקענט מיך גלייך דאַן שעדיקט עס מיין פּלאַן.
ס'וועט זיין אַ טובה מיר, ווען איר וועט ניט
מיך קענען, ביז עס קומט די גינסטיקע צייט.

**קאָרדעליא:** נו, זאָל שוין זיין אַזוי, מיין ליבער האַר.
(צום דאָקטאָר) ווי פילט דער קעניג?

**דאָקטאָר:** ער שלאָפט נאָך אַלץ, מאַדאַם.

**קאָרדעליא:** אָ, גוטע געטער, היילט
דעם גרויסן ריס אין זיין פאַרוואונדעטן גייסט!
אָ! ברענגט אין אָרדענונג צוריק די גרילצנדע
און רויע טענער פון די חושים פון
דעם קינד־געוואָרענעם פאָטער!

**דאָקטאָר:** געפעלט עס אייער מאַיעסטעט
דעם קעניג אויפצוואוועקן? ער שלאָפט שוין לאַנג.

**קאָרדעליא:** איר טוט לויט אייער אייגענעם פאַרשטאַנד,
און ווי אייך נאָר געפעלט. איז ער געקליידט?
(אייניקע דינער ברענגען דעם שלאָפנדן ליר אַריין אין
אַ שטול)

**ריטער:** מאַדאַם, מיר האָבן אין זיין טיפן שלאָף
אים אָנגעטאָן אין פרישע קליידער.

**דאָקטאָר:** בלייבט דאָ, גנעדיקע מאַדאַם, בשעת
מיר וועקן אים אויף, איך צווייפל נישט, אַז ער
וועט זיין גאַנץ מילד געשטימט.

**קאָרדעליאַ**: זייער גוט. (די מוזיק וואָס האָט לירן פאַר־
שלעפערט שפּילט שטיל נאָך אַלץ)

**דאָקטאָר** (צו די שפּילער): קומט נעענטער, איך בעט אייך,
קומט אַהער.
שפּילט העכער, שפּילט מיר די מוזיק.

**קאָרדעליאַ**: אָ, ליבער פאָטער, מיין! אַ היילונג זאָלן
די ליפּן מיינע, ווינטש איך, ברענגען איצט
צו דיר; און זאָל מיין קוש פאַרלינדערן
דאָס טיפע לייד, וואָס ס'האָבן די צוויי שוועסטער
דיין עלטער דיר פאַרשאַפט.

**קענט**: גוטע, טייערע פּרינצעסין!

**קאָרדעליאַ**: ווען דו וואָלסט ניט געווען צו זיי אַ פאָטער,
דאַן וואָלטן דיינע זילבער האָר ביי זיי
אַרויסגערופן מיטלייד. צי איז דען
אַזאַ געזיכט גאָר צוגעפּאַסט געווען
צו קעמפן מיט די שטרייטנדיקע ווינטן?
פאַרמעסטן זיך מיטן מוראדיקן דונער?
מיטן שאַרפן, פלינק־דורכשוועבנדיקן בליץ!
דאָס דורכצולעבן אַלץ — מיין אָרעמער פאָטער!
מיט דיין אַנטבלויזטן קאָפּ — מיין פיינטס אַ הונט,
און ווען אַפילו ער וואָלט מיר געביסן,
וואָלט יענע נאַכט געלעגן ביי מיין פייער;
און דיר, מיין אָרעמער פאָטער, איז באַשערט
געווען צו ליגן אויף פאַרפוילטן שטרוי
מיט אָרעמע מענטשן און חזירים גלייך?!
אוי וויי! אוי וויי! עס איז אַ וואונדער מיר
אַז ס'האָט דיין לעבן מיט דיין זין צוגלייך,
פון דיר זיך ניט צעשיידט. — ער כאַפּט זיך אויף
פון שלאָף; איך בעט אייך רעדט צו אים.

**דאָקטאָר:** טוט איר עס, מאַדאַם, ס׳איז פיל גלייכער.

**קאָרדעליא:** ווי פילט מיין קעניגלעכער האַר?
ווי גייט עס אייער מאַיעסטעט?

**ליר:** ס׳איז אומרעכט וואָס איר נעמט פון קבר מיך
אַרויס. דו ביסט אַ הייליקער גייסט; דאָך איך,
איך בין געבונדן צו אַ פייער־ראָד,
אַזוי, אַז מיינע טרערן בריען ווי
צעשמאָלצענע בליי.

**קאָרדעליא:** איר קענט מיך, האַר?

**ליר:** דו ביסט אַ גייסט, איך ווייס; ווען ביסטו געשטאָרבן?

**קאָרדעליא:** לאַנג, לאַנג, גאָר לאַנג צוריק!

**דאָקטאָר:** ער האָט איצט קוים דערוואַכט;
לאָזט אים אַ ווײַלע נאָך צורו.

**ליר:** וואו בין איך דען געווען? וואו בין איך איצט?
ס׳איז העלער טאָג? איך בין גאָר שטאַרק צעמישט —
איך וואָלט אוים מיטלייד זיכער גלייך געשטאָרבן,
ווען כ׳וואָלט אַ צווייטן מענטש אַזוי געזען.
איך ווייס אַליין ניט וואָס איך האָב צו זאָגן.
איך וועל ניט שווערן: דאָס זיינען מיינע הענט;
נו, לאָמיר זען, איך פיל דעם נאָדל־שטאָך.
כ׳וואָלט וועלן איצט אויף קלאָר מיין צושטאַנד ווינסן!

**קאָרדעליא:** אָ, קוקט אויף מיר, מיין האַר!
און הויבט אויף אייערע הענט צו בענטשן מיך.
(ליר קניט פאַר איר)
ניין, האַר, איר מוזט נישט קניען.

**ליר:** איך בעט אייך, לאַכט ניט אָפּ פון מיר!
איך בין אַ שוואַכער, נאַרישער, אַלטער מאַן,
שוין אַכציק יאָר, ניט מער, ניט ווייניקער;

כ׳האָב מורא, כ׳בין ניט ביי מיין גאַנצן זין.
איך גלויב איך קען אייך, כ׳קען אויך אָט דעם מאַן
(ווייזט אויף קענט)
דאָך צווייפל איך; ווייל איך באַגרייף עס נישט,
וואו איך געפין זיך איצט; מיין גאַנצער זכרון
דערמאָנט מיר נישט די קליידער; כ׳וויים אויך נישט
וואו כ׳בין די נאַכט געשלאָפן. ניט לאַכט פון מיר;
ווייל ווי ס׳איז אמת אַז איך לעב, ווייס איך,
אַז אָט די דאַמע איז מיין קינד קאָרדעליאַ.

**קאָרדעליאַ:** איך בין עס זיכער! כ׳בין עס גאַנץ געוויס.

**ליר:** מיט טרערן זיינען דיינע אויגן נאַס?
איך בעט דיך, ווײן נישט. ניין, מען דאַרף עס נישט.
אויב דו האָסט גיפט פאַר מיר, וועל איך עס טרינקען.
איך וויים דו ליבסט מיך נישט; ווייל דיינע שוועסטער,
אויף וויפיל איך געדענק, האָבן מיך געקרענקט;
דו האָסט אַן אורזאַך, דאָך ניט זיי אַזוי.

**קאָרדעליאַ:** קיין אורזאַך נישט, קיין אורזאַך נישט.

**ליר:** בין איך אין פראַנקרייך?

**קענט:** אין אייער אייגענעם קעניגרייך, מיין האַר.

**ליר:** נאַרט מיך נישט אָפּ.

**דאָקטאָר** (צו קאָרדעליאַ): זייט רואיק, גוטע פירשטין!
דער גרויסער שטורעם, ווי איר זעט אַליין,
איז איינגעשטילט אין אים; דאָך וואָלט געווען
געפאַר דערמאָנען זיין פאַרלאָרענע צייט.
פירט אים אַריין! און שטערט אים נישט ביז ער וועט זיך
ערהאָלן.

**קאָרדעליאַ** (צו ליר): ווילט איר אַזוי גוט זיין, פאָטער, און
מיט מיר אַריינגיין?

**ליר:** אָ, האָט געדולד מיט מיר, איך בעט אייך, איצט.
פאַרגעסט, פאַרגיט; ווייל איך בין אַלט און נאַריש.
(ליר, קארדעליא, דער דאָקטאָר און באַדינטע גייען אוועק)

**ריטער:** איז אמת, אַז דער הערצאָג קארנוואל איז דער-
הרגעט געוואָרן?

**קענט:** יאָ, האַר.

**ריטער:** ווער איז דער פירער פון זיין אַרמיי?

**קענט:** מען זאָגט, אַז ס'איז דער זון,
דער ניט-געזעצלעכער פון גלאסטער.

**ריטער:** מען רעדט, אַז עדגאר, דער פאַרשיקטער זון פון
גלאסטער
וואוינט אין דייטשלאַנד, און מיט אים איז אויך גראַף קענט.

**קענט:** עס איז געענדערט דער באַריכט. ס'איז צייט זיך
אומצוקוקן;
דעם קעניגרייכס אַרמיי דערנעענטערט זיך.

**ריטער:** ס'וועט די אַנטשיידונג מעגלעך
זיין אַ בלוטיקע, נו, זייט געזונט, מיין האַר.

**קענט:** אין אָט דער דאָזיקער מלחמה ווערט
מיין גורל קלאָר באַשטימט, צי גוט, צי שלעכט.

**(סוף פון פערטן אַקט)**

## פינפטער אַקט

### ערשטע סצענע

(בריטאַנישער לאַגער לעבן דאָווער. עס טרעטן
אויף, מיט פויקן און פאָנען, עדמונד,
רעגאַן, אָפיצערן און סאָלדאַטן).

עדמונד (צו אַן אָפיצער): גיי פרעג דעם הערצאָג צי ערט
האַלטן וואָרט,
צי אפשר איז ער גאָר געניינגט מיט וואָס
זיין פּלאַן צו ענדערן. ער ווידערשפּרעכט זיך אָפט.
גיי ברענג אונז באַלד, זיין פעסט-באַשטימטן וואָרט.
(דער אָפיצער גייט אַוועק).

רעגאַן: ס'האָט עפּעס וואָס געוויס פּאַסירט
מיט אונזער שוועסטערס שליח.

עדמונד: עס שרעקט מיך מיין הארץ אַזוי, מאַדאַם.

רעגאַן: נו, ליבער גראַף,
איר ווייסט דאָך אַז איך וויל אייך טאָן נאָר גוטס;
זאָגט מיר דעם אמת, און דעם אמת נאָר,
צי ליבט איר ניט מיין שוועסטער?

עדמונד: איך אַכט זי בלויז.

רעגאַן: און איר האָט קיינמאָל ניט באַזוכט דאָס אָרט,
דאָרט וואו עס איז מיין שוואָגער בלויז דערלויבט?

עדמונד: אָט דער געדאַנק באַליידיקט אייך.

רעגאַן: איך גלויב: אַז איר זייט קערפּערלעך מיט איר
שוין לאַנג פאַראייניקט, אויף וויפל ס'איז נאָר מעגלעך.

**עדמונד:** ניין, גנעדיקע מאַדאַם, אויף ערן וואָרט.

**רעגאַן:** איך קען זי נישט פאַרטראָגן, טייערער גראַף,
זייט ניט אינטים מיט איר פאַרבונדן.

**עדמונד:** האָט נאָר קיין מורא ניט פאַר דעם,
זי איז צוזאַמען מיט איר מאַן דעם הערצאָג!
(עס טרעטן אויף מיט פויקן און פאָנען אלבאַני, גאָנעריל
און סאָלדאַטן)

**גאָנעריל** (צו זיך אַליין): כ׳וואָלט בעסער שוין געוואָלט די
שלאַכט פאַרלירן,
איידער ס׳זאָל די שוועסטער שיידן מיך פון אים.

**אלבאַני** (צו רעגאַן): באַליבטע שוועסטער,
זייט האַרציק און מיט פרייד באַגריסט! (צו עדמונד) **מען
זאָגט:**
עס קומט דער קעניג צו זיין יינגסטער טאָכטער,
מיט אַנדערע, וועמען אונזער שטאַרקע מאַכט
געצוואונגען האָט אויף אונז זיך צו באַקלאָגן.
דאָרט וואו איך קען ניט ערלעך זיין, דאָרט ווייז
איך ניט מיין מוטיקייט; מיר קריגן זיך,
ווייל פראַנקרייך דרינגט אין אונזער לאַנד אַריין,
ניט ווייל עס העלפט דעם קעניג, און ניט די,
וואָס האַלטן, ווי איך גלויב, גאָר שטאַרק מיט אים.

**עדמונד:** איר רעדט גאָר פיינע רייד, מיין האַר.

**רעגאַן:** נאָך וואָס גלאַט רעדן אין דער וועלט אַריין.

**גאָנעריל:** מען דאַרף זיך אייניקן אַנטקעגן פיינט;
פאַר צאַנקעריי איז איצטער ניט די צייט.

**אלבאַני:** טאָ לאָמיר דאָ באַשליסן
מיט אַלטער קריגס־דערפאַרונג וואָס צו טאָן.

**עדמונד:** כ׳וועל קומען באַלד צו אייך אין דעם געצעלט.

**רעגאַן:** דו גייסט מיט אונז, שוועסטער?

**גאָנעריל:** ניין.

**רעגאַן:** איך בעט אייך, קומט מיט אונז;
עס פּאַסט פיל בעסער.

**גאָנעריל** (צו זיך אַליין): אָ, איך פאַרשטיי איצט אַלץ.
(אויפן קול) גאַנץ גוט, איך גיי.
(ווי זיי ווילן אַפּגיין, טרעט עדגאַר אויף אין איבערגע־טאָנענער)

**עדגאַר** (צו אַלבאַני): אויב ס'האָט מיין האַר געדעדט ווען מיט בעטלער
ווי איך, טאָ הערט וואָס איך האָב דאָ צו זאָגן.

**אַלבאַני** (צו די, וואָס גייען אַרוים): איך וועל אייך אָניאָגן.
(אַלע גייען אַרוים אַחוץ אַלבאַני און עדגאַר)
(צו עדגאַר) נו, רעדט.

**עדגאַר:** איידער איר גייט אין קריג, לייענט דורך דעם בריוו.
אויב איר געווינט, בלאָזט דעם טראָמפּייט פאַר דעם
וואָס האָט דעם זיג געבראַכט; ווען אויך איך זע
אוים אָרעם, קען איך דאָך דעם ריטער ברענגען,
וואָס וועט באַשטעטיקן מיין יעדן וואָרט.
און אויב דער פיינט געווינט, נעמט באַלד אַ סוף
צו אייער אַרבעט אויף דער וועלט, און אוים
מיט אַל די ליידן — זייט באַגליקט!
(ער גייט אַוועק)

**אַלבאַני:** וואַרט ביז איך לייען דורך דעם בריוו.

**עדגאַר:** איך טאָר עס נישט.
ווען ס'קומט די צייט די גינסטיקע, דאַן שיקט צוריק
נאָך מיר דעם העראָלד און איך קום. (ער גייט אַוועק)

**אַלבאַני:** נו, גייט געזונט; כ'וועל דורכקוקן דעם בריוו.
(עדמונד קומט צוריק)

**עדמונד:** די מחנות נעמט צוזאמען. דער פיינט איז נאָענט;
מיר ווייסן פון זיין פולער קראַפט און מאַכט,
לויט גוטע און פאַרטרווילעכע באַריכטן.
ס'איז נויטיק אַז איר זאָלט זיך צו־איילן.

**אלבאני:** מיר וועלן זען וואָס די צייט וועט ברענגען.
(ער גייט אַוועק)

**עדמונד:** כ'האָבביידע שוועסטער גלייך געשוואָרן ליבע,
און יעדע איינע האַסט די אַנדערע,
ווי דער געביסענער — די גיפטיקע שלאַנג.
נו, וועלכע זאָל איך נעמען? ביידע? איינע?
צי קיינע ניט? איך קען אויך איינע ניט
באַקומען, ווען זיי ביידע לעבן נאָך.
אויב כ'נעם זיך די אלמנה פאַר אַ פרוי,
דאַן גייט איר שוועסטער גאָנעריל פון זינען
אַראָפּ; און איך וועל גרייכן שווער מיין ציל,
ווי לאַנג עס לעבט איר מאַן. מיר וועלן באַלד
באַנוצן זיין דערמונטערונג אין שלאַכט;
דערנאָך, מעג זי אַליין שוין טראַכטן ווי
אַזוי פון אים זיך צו באַפרייען שנעל.
וואָס אַנבאַלאַנגט זיין גרויס באַגנאַדיקונג,
לויט ווי ער פּלאַנט, פאַר ליר און קאָרדעליא —
אויב נאָר זיי וועלן נאָך דער שווערער שלאַכט,
באַזיגט ווערן פון אונזער גרויסער מאַכט —
דאָס וועט מען קיינמאָל אים נישט מוחל זיין;
מיין שטעלונג איז, ניט עצות געבן איצט,
נאָר צו פאַרטיידיקן מיין שטאַט.
(ער גייט אַוועק)

צווייטע סצענע

(אַ פעלד צווישן די צוויי לאַגערן. שלאַכט-געשריי הינ-
טער דער בינע. עס קומען מיט פויקן און פאָנען ליר,
קאַרדעליא און סאָלדאַטן; זיי גייען פאַרביי
דער בינע. עדגאַר און גלאַסטער גייען
נאָך זיי נאָך).

עדגאַר: זייַ פאָטער, דאָ, אונטערן שאָטן פון דעם בוים
און רו זיך אָפּ; בעט, יושר זאָל געווינען.
אויב כ׳וועל זיך ווען צוריקקערן צו דיר,
וועל איך דיר ברענגען גרויסע טרייסט.

גלאַסטער: זאָל גאָט דיך מיטבאַגלייטן מיט זיין גנאָד!
(עדגאַר גייט אַוועק)
(הינטער דער בינע געטומל, שלאַכט-געשריי: מען הערט
דעם רוף פון טראָמפּייטן אַז מען זאָל זיך צוריקציען, עד-
גאַר קומט צוריק)

עדגאַר: קום אַלטער גיך אַוועק! גיב מיר די האַנט!
באַזיגט איז קעניג ליר, און ער איז מיט
זיין טאָכטער אין געפענגעניש גענומען.
גיב מיר די האַנט; קומט לאָמיר לויפן.

גלאַסטער: איך גיי ניט, הער; מען קען אויך פוילן דאָ.

עדגאַר: וואָס? ווידער שלעכט געשטימט? עס מוז דער
מענטש
זיך אונטערגעבן צו דעם טאָג פון טויט,
ווי אין דעם טאָג וואָס ס׳ווערט דער מענטש געבוירן;
די רייפקייט דאָס איז אַלץ. נו, קומט.

גלאַסטער: יאָ, דאָס איז אמת אויך.
(זיי גייען אַוועק)

## דריטע סצענע

(דער בריטישער לאַגער ביי דאָווער. עדמונד טרעט
אויף אַלס זיגער מיט פאָנען און פויקן: ליר און
קאָרדעליאַ אַלס געפאַנגענע; אָפיצער,
סאָלדאַטן און אַנדערע).

**עדמונד** (צו די באַאַמטע): באַאַמטע, פירט זיי אָפּ; אין
שטרענגער וואַך!
ביז וואַנען מען וועט הערן פון די ריכטער
וואָס דאַרפן זיי פאַרמשפּטן.

**קאָרדעליאַ:** כ׳בין נישט די ערשטע, וועלכע האָט געמיינט
טאָן גוטס, און האָב פאַראורזאַכט ליידן פיל.
דיין אומגליק, פאָטער, בויגט מיר איין מיין מוט;
מיין אייגענעם גורל וואָלט איך גרינג פאַרטראָגן —
צי זאָלן מיר די שוועסטער מיינע זען,
איך מיין די טעכטער אייערע?

**ליר:** ניין, ניין, ניין, ניין! קום אין געפענגעניש;
מירן זינגען דאָרט ווי פייגעלעך אין שטייג.
ווען דו מיין ברכה בעטסט, וועל איך דאָן קניען
און בעטן, דו זאָלסט, טאָכטער, מיר פאַרגעבן.
מיר וועלן אַזוי לעבן, בעטן, זינגען,
און מעשיות פון אַמאָל דערציילן זיך,
און פון די גאָלדענע שמעטערלינגען קוועלן,
און הערן פלוידערן די קנעכט אין הויף;
און מיר אויך וועלן מיטהאַלטן מיט זיי;
אַזוי נאָך וועלן מיר געוואויר ווערן:
ווער עס געווינט אין הויף און ווער פאַרלירט;
ווער ס׳גייט אַרויף און ווער עס גייט אַראָפּ;
און אין געהיימנישן פאַרטיפן זיך
גלייך ווי מיר וואָלטן גאָטס נביאים זיין;

און אויסלעבן די יאָרן זיך אַזוי,
אין ענגער תּפיסה פון די פאַלשע הערשער,
וואָס קריגן זיך, און הויבן זיך און פאַלן
ווי כוואַליעס אויפן ים אין לבנה שיין.

**עדמונד:** פירט זיי אַוועק.

**ליר:** יאָ, אויף אַזעלכע אָפּפער, טאָכטער מיין,
די געטער גיסן זייערע ווייראוכן.
ביסט מיינע, האָב איך דיך געכאַפּט? אָט דער
וואָס וויל אונז ביידע שיידן, מוז אַ בראַנד
פון הימל ברענגען, און אונז אָנצינדן
ווי די פוקסן. ווייין נישט; ס'וועט פאַרצערן זיי
די פעסט, דאָס הויט און פלייש, איידער עס וועט
געלונגען זיי אונז מאַכן וויינען; ניין,
זיי וועלן פריער שוין פון הונגער אויסגיין.
קום, טאָכטער, לאָמיר גיין.
(ליר און קאָרדעליאַ ווערן אָפּגעפירט באַוואַכט)

**עדמונד:** אַהער קום קאַפּיטאַן; און הער זיך צו.
נעם דעם פּאַפּיר (ער גיט אים אַ בויגן פּאַפּיר)
און גיי זיי נאָך צו דער געפענגעניש.
אויף איין ראַנג האָב איך שוין דערהויבן דיך;
און טוסטו ווי די זאַך פאַרלאַנגט פון דיר,
דאַן מאַכסטו זיך אַ וועג צו הויכן גליק.
דאַרפסט וויסן אַז דער מענטש איז ווי די צייט;
צו זיין ווייך־האַרציק פּאַסט ניט פאַר דער שווערד;
דיין וויכטיקע אַרבעט לאָזט ניט צו קיין פראַגן;
דו זאָג מיר, אַז דו ווילסט עס טאָן, ווען ניט,
דאַן זוך זיך ערגעץ אַנדערשוואו דיין גליק.

**קאַפּיטאַן:** איך בין באַרייט, מיין האַר.

**עדמונד:** דאַן טו עס און באַטראַכט זיך גליקלעך ווען
דו האָסט די זאַך אַדורכגעפירט. יאָך הער,

איך זאָג דיר, טו עס אויפֿן שטעל; און טו
עס פּינקטלעך ווי איך האָב דיר אויסגעשריבן.

**קאַפּיטאַן:** איך קען קיין וואָגן שלעפּן, גראָז ניט עסן;
כ׳קען אָבער טאָן וואָס מעגלעך פֿאַר אַ מענטשן.
(ער גייט אַרויס)
(טרומפּייטן געשאַל. אַלבאַני, גאָנעריל, רעגאַן און סאָל-
דאַטן טרעטן אויף).

**אלבאני** (צו עדמונד): מיין הער, איר האָט היינט אייער
העלדישקייט
באַוויזן. און איר האָט באַגליקט. איר האָט
אין אייער מאַכט איצט די געפֿאַנגענע
וואָס האָבן דאָ מיט אונז געפֿירט די קריג.
איך פֿאָדער זיי פֿון אייך, און כ׳וועל מיט זיי
זיך אָפּרעכענען ווי זיי פֿאַרדינען, און
ווי בעסער איז פֿאַר אונזער זיכערקייט.

**עדמונד:** איך האָב גערעכנט עס פֿאַר גוט, מיין האַר,
דעם אַלטן שוואַכן קעניג צו פֿאַרשיקן
און האַלטן אין אַ הויז אים שטרענג באַוואַכט;
זיין עלטער ווירקט, זיין ראַנג נאָך מער, ווי צויבער,
כדי צו געווינען ס׳האַרץ פֿון פּשוט פֿאָלק,
און ס׳קענען נאָך די שפּיזן אונזערע,
וואָס דינען איצטער אונז אַנטקעגן פֿיינט,
זיך שטעלן קעגן אונז אַליין. איך האָב
קאָרדעליאַ אַוועקגעשיקט מיט אים
צוליב דעם זעלבן גרונט; זיי זיינען גרייט
אויף מאָרגן אָדער שפּעטער צו דערשיינען,
אָט דאָרט, וואו איר וועט אייער זיצונג האַלטן.
מיר זיינען איצט נאָך נאַס פֿון שווייס און בלוט;
פֿאַרלאָרן האָט דער פֿריינט זיין פֿריינט; אין היץ
פֿון קריג, פֿאַרשעלט מען אויך דעם בעסטן זיג,

וועט נאָר די קלעפּ דערפילט. די פראַגע פון
צו משפטן קאָרדעליא און איר פאָטער
פאַרלאַנגט אַ בעסערע צייט ווי איצט.

**אַלבאַני:** ערלויבט מיר, הער,
איך האַלט אייך בלויז אַלס אַ סאָלדאַט פון קריג,
ניט ווי אַ ברודער, אונזער גלייכן.

**רעגאַן:** דאָס ווענדט זיך נאָר ווי אונז געפעלט.
איך דענק, אַז איידער איר האָט דאָס געזאָגט,
האָט איר באַדאַרפט צוערשט עס פרעגן אונז.
ערט אונזער חיל דאָך געפירט. ער האָט
פאַרטראָטן מיין פּערזענלעכקייט און מאַכט;
זיין העלדישקייט דאַרף ווערן אָנערקענט,
און אַלס אַ ברודער דאַרף מען אים באַגריסן.

**גאָנעריל:** איר דאַרפט נישט היצן זיך אַזוי;
ער שטייט פיל העכער אין זיין אייגענער ווערט
ווי ס'קען דער טיטל אייערער אים דערהויבן.

**רעגאַן:** אין כבוד, וואָס איך האָב
אים אָנגעטאָן, האָט ער קיין גלייכן נישט.

**אַלבאַני:** ס'וואָלט העכער נאָך געווען,
ווען ער וואָלט חתונה געהאַט מיט אייך.

**רעגאַן:** עס ווערן לצים אויך אַמאָל פּראָפעטן.

**גאָנעריל:** אָ, יאָ.
דאָס אויג וואָס האָט געזען עס, איז בלינד.

**רעגאַן:** ליידי, איך פיל ניט גוט; ווען ניט
וואָלט איך געענטפערט דיר מיט פולן צאָרן.
(צו עדמונד)
נעמט זיך מיין גאַנץ אַרמיי געפאַנגענע
און חלק לאַנד; געוועלטיקט איבער אַלץ

און איבער מיר. צו אייך באַלאַנגט אַלצדינג;
די וועלט זאָל וויסן, אַז איך האָב אייך היינט
דאָ אויסגעקליבן פאַר אַ מאַן און האַר.

**גאנעריל:** דו האָפסט אים צו באַזיצן?

**אלבאני** (צו גאנעריל): דיין גוטער ווילן
האָט עס שטערן נישט געקענט.

**עדמונד:** אויך אייער ווילן נישט.

**אלבאני:** אַ זון פון אומריינער בלוט, יאָ.

**רעגאן** (צו עדמונד): באַפעלט זיי צו טראָמפּייטירן!
און זאָל מען וויסן, אַז דו ביסט אַ הערשער.

**אלבאני:** וואַרט אויף אַ ווייל, הער אויס, עדמונד,
איך אַרעסטיר דיך איצט אויף הויך־פאַרראַט;
(ווייזנדיק אויף גאנעריל)
איר פרעטענדירט, מיין שיינע שוועסטער, אַז
איך שטער אייך אין דעם נאָמען פון מיין פרוי;
ז'איז לאַנג שוין אין געהיים פאַרליבט אין גראַף,
און איך, איר מאַן, צעשטער אייך דעם פאַרבאַט.
זוכט איר אַ מאַן — דאַן שענקט מיר אייער ליבע;
מיין ווייב איז צו אַן אַנדערן פאַרקנסט.

**גאנעריל:** איר שפּאַסט אַזוי, מיין האַר?

**אלבאני:** טראָגסט וואָפן, גלאָסטער;
באַפעל און זאָלן די טראָמפּייטן שאַלן.
אויב קיינער קומט ניט צו באַווייזן דיר,
אַז דו ביסט פאַלש און אַ פאַררעטער —
איך גיב דיר דאָ, אָט האָסטו מיינס אַ משכון —
(ער וואַרפט אַרונטער זיין הענטשקע)
אַז איך וועל עס אַליין באַווייזן דיר
נאָך איידער ס'וועט מיין מויל באַרירן ברויט,
אַז דו ביסט אַלץ, וואָס איך האָב דאָ דערקלערט.

**רעגאַן:** אוי, איך בין קראַנק! איך פיל ניט גוט!

**גאָנעריל** (צו זיך אַליין): אויב ניט,
דאַן גלויב איך קיינמאָל ניט אין גיפט.

**עדמונד:** דאָ איז מיין געגן-משכון!
(וואַרפט אויך זיין הענטשקע)
ווער אין דער וועלט רופט מיך פאַררעטער אָן,
זאָגט ליגן ווי אַן אויסוואורף. בלאָזט טראָמפּייטן;
ווער ס'וואַגט צו טשעפּען זיך צו אים, צו אייך —
ווער ס'זאָל ניט זיין — וועל איך מיט זיכערקייט
פאַרטיידיקן מיין אמת און מיין ערע.

**אלבאַני:** אַ העראָלד, העי!

**עדמונד:** אַ העראָלד, העי, אַ העראָלד!

**אלבאַני:** פאַרטרוי דיין אייגענע קראַפט; ווייל דיין אַרמיי
פאַרזאַמלט אין מיין נאָמען, האָב איך שוין,
אויך אין מיין נאָמען, גלייך צעלאָזט.

**רעגאַן:** מיין קראַנקהייט שטייגט אין מיר.

**אלבאַני:** זי פילט זיך שלעכט; פירט איר צום געצעלט
אַוועק.
(רעגאַן ווערט אַרויסגעפירט, און אַ העראָלד טרעט אויף)
אַהער קום, העראָלד, זאָל דער טראָמפּייט שאַלן, —
און לייען אָט דאָס הויך אויפן קול!

**קאַפּיטאַן:** זאָל אַ טראָמפּייט שאַלן! (עס שאַלט אַ
טראָמפּייט)

**העראָלד** (לייענט פאָר): „אויב וועלכער עס איז מענטש
פון וועלכן ס'איז שטאַנד, צי ראַנג אין דער אַרמיי וועט
באַווייזן, אַז עדמונד, וואָס רופט זיך אַן גראַף גלאָסטער,
איז אַ פילפאַכער פאַררעטער, דער זאָל דערשיינען ביים
דריטן שאַלן פון טראָמפּייט; ער, גלאָסטער, איז באַרייט
זיך צו פאַרטיידיקן.

**עדמונד:** שאַלט! (דאָס ערשטע שאַלן).

**העראָלד:** נאָכאַמאָל! (דאָס צווייטע שאַלן)

**העראָלד:** נאָכאַמאָל! (דאָס דריטע שאַלן)
(אַן אַנדער שאַלן הערט זיך פון אונטער דער בינע; באַלד טרעט עדגאַר אויף, באַוואָפנט; דער טראָמפּייטער גייט אים פאָראויס)

**אלבאני** (צום העראָלד): פרעגט, וואָס ער וויל, נאָך וואָס ער איז
אויף דעם טראָמפּייטן־שאַל אַהערגעקומען.

**העראָלד:** ווער זייט איר? אייער נאָמען, אייער שטאַנד?
פאַרוואָס זייט איר געקומען אויף דעם דאָזיקן רוף?

**עדגאַר:** זייט וויסן, אַז מיין נאָמען איז פאַרלאָרן,
צעפּליקט פון גיפטיקע ציינער פון פאַרראַט;
דאָך בין איך אַדלמאַן ווי ס'איז דער פיינט,
וועמען איך רוף דאָ איצט אַרויס אין קאַמף.

**אלבאני:** ווער איז עס אייער פיינט?

**עדגאַר:** ווער איז עס דער, וואָס רעדט און נעמט זיך אָן פאַר עדמונד גראַף פון גלאָסטער?

**עדמונד:** ער, ער אַליין; דאָך, וואָס ווילסטו אים זאָגן?

**עדגאַר:** אַנטבלויז דיין שווערד.
און אויב מיין וואָרט באַליידיקט אַן איידל האַרץ,
וועט דאָן דיין האַנט פאַר דיר זיך נוקם זיין;
דאָ איז מיין שווערד. עס איז מיין ערעס רעכט,
מיין שבועה, און מיין ריטערישער שטאַנד.
איך שטעל זיך דיר אַנטקעגן טראָץ דיין קראַפט,
דיין יוגנט, ווירדע און דיין הויכן שטאַנד,
און טראָץ דיין זיגער שווערד, דיין נייעם גליק,

דיין קראַפט און מוט, — דו ביסט אַ הויך־פאַררעטער;
פאַלש צו די געטער, ברודער און דיין פאָטער,
רעבעליש קעגן מאַיעסטעטישן פּרינץ;
און פון דעם סאַמע העכסטן שפּיץ פון קאָפּ
ביז צו דעם טיפסטן שטויב פון דיינע פיס
אַ זייער עקלהאַפטיקער פאַררעטער.
און זאָגסטו „ניין", דאַן וועט די דאָזיקע שווערד,
מיין האַנט, מיט גרעסטער מוט, זיין גרייט דיר אויף
דיין קאָפּ באַווייזן, אַז דו רעדסט אַלץ ליגן.

**עדמונד:** כ'דאַרף אייגנטלעך פאָראויס דיין נאָמען וויסן;
דאָך, ווייל דיין אויסזען איז אַזויפיל שיין
און קריגעריש, און העלדיש קלינגט דיין וואָרט, —
איז וואָס איך וואָלט באַדאַרפט לויט דעם געזעץ
פון ריטערשאַפט אָפּלעגן, טו איך נישט.
איך שליידער אויף דיין קאָפּ דיר דיין פאַרראַט;
כ'וואַרף דיר אין האַרצן דיינע שוואַרצע ליגנס;
אָט די (וואָס האָבן קוים געטראָפן מיך)
וואָס ס'וועט מיין שווערד זיי באַלד באַזייטיקן,
דאָרט, וואו זיי וועלן בלייבן טויט אויף לאַנג.
טראָמפּייטן, בלאָזט! (געטומל, זיי פעכטן זיך, עדמונד פאַלט).

**אלבאני:** אָ, ראַטעוועט אים, ראַטעוועט!

**גאָנעריל:** דו ביסט געפאַלן דורך באַטרוג, גלאָסטער;
ביסט נישט געווען פאַרפליכט לויט דעם געזעץ
אויף אַ דועל צו קעמפן מיט אַ פרעמדן;
ביסט נישט באַזיגט, נאָר אָפּגענאַרט, באַטראָגן.

**אלבאני:** פאַרמאַך דאָס מויל, מאַדאַם.
ווען ניט פאַרשטאָפּ איך עס מיט אָט־דעם בריוו. (צו עדמונד)
נאַ, לייען, האַר; (צו גאָנעריל)

דו אויסוואורף, דו, נאַ, לייען דיין אייגענע שאַנד.
צעריים עס נישט; איך ווייס דו קענסט דעם בריוו.
(ער גיט דעם בריוו צו עדמונדן)

**גאָנעריל:** און אַז דער בריוו איז יאָ באַקאַנט צו מיר?
ס׳איז דער געזעץ אויף יעדנפאַלס מיט מיר,
און ווער איז דער וואָס קען מיך משפּטן?

**אַלבאַני:** אָ, שעדלעכער טייוול! —
עס הייסט, דו ביסט מיטן בריוו באַקאַנט?

**גאָנעריל:** ניט פרעג קיין פראַגן מער.
(גייט אַוועק אַן אויפגערעגטע)

**אַלבאַני** (צו אַ באַאַמטן): גיי פאָלג איר נאָך;
באַוואַך זי שטאַרק, זי איז ניט ביי איר זין!
(באַאַמטער גייט אַוועק)

**עדמונד:** אַלץ וואָס דו האָסט באַשולדיקט מיך — איז אמת;
און מער, פיל מער; די צייט וועט עס באַווייזן.
ס׳איז אַלץ פאַרביי, אַזוי אויך איך. דאָך ווער
ביסטו, וואָס האָט מיך אָט אַזוי באַזיגט?
ביסטו אַן עדלמאַן, פאַרגיב איך דיר.

**עדגאַר:** לאָמיר זיך ביידע מוחל זיין.
איך בין אין יחוס גלייך מיט דיר, עדמונד;
אויב מער, האָסטו מיר מער אויך שלעכטס געטאָן.
כ׳הייס עדגאַר, און איך בין דיין פאָטערס זון.
די געטער האָבן רעכט, און שאַפן זיך
פון אונזערע זינד דאָס ווערקצייג אונז צו שטראָפן.
פאַר ס׳פינצטערע לוסט ביי דעם באַשאַפן דיך,
האָט ער באַצאָלט מיט זיינע ליכטיקע אויגן.

**עדמונד:** רעדסט ריכטיק, עס איז אמת;
מיין מזל־ראָד האָט שוין געמאַכט איר קרייז;
און אָט צו וואָס איך בין געקומען.

**אלבאני** (צו עדגאר): עס האָט מיר אויסגעזען, אַז
דיין גאַנג אַליין איז שוין אַ קעניגלעכער.
איך מוז דיך האַלדזן; מעג מיין צער מיין האַרץ
צעשפּאַלטן, אויב איך האָב אַמאָל ווען דיך,
אָדער דיין פאָטער, פיינט געהאַט!

**עדגאר**: איך ווייס עס, ווירדיקער פּרינץ.

**אלבאני**: דאָך וואו האָט איר זיך געהאַלטן פאַרבאָרגן?
און ווי אַזוי נאָך האָט איר זיך דערוואוסט
פון אייער פאָטערס אומגליקן?

**עדגאר**: ווייל איך האָב אים באַדינט, איך וועל אייך, האַר,
דאָס מאַכן קורץ; און ווען עס איז דערציילט,
מעג פּלאַצן דאַן מיין האַרץ! — איך בין אַנטרינען
פון בלוטיקע געפאַרן, וואָס האָבן מיך
געלאָקט אויף יעדן טריט. ווי ליב, אָ, ס'איז
דאָס לעבן! יאָ, ס'איז טייער אונז פיל מער
צו שטאַרבן ביסלעכווייז, איידער מיטאַמאָל! —
כ'האָב זיך פאַרשטעלט פאַר אַ משוגענעם;
כ'האָב אין די שמאַטעס אויסגעזען אַזוי,
אַז ס'האָבן בייזע הענט פון מיר געוויכט.
אַזוי פאַרשטעלט, האָב איך מיין פאָטער געטראָפן,
מיט זיינע בלוטיקע אויגן־לעכער, און
די דימענטן די איידלסטע, — פאַרלאָשן;
איך בין געוואָרן זיין פירער, אים געפירט,
פאַר אים געבעטלט, און פון זעלבסטמאָרד אים
געהיט; כ'האָב קיינמאָל, אָ! פאַר אים זיך ניט
אַנטפּלעקט, ביז מיט אַ האַלבער שעה צוריק
ווען כ'בין געווען באַוואָפנט, כאָטש געווען
ניט זיכער מיט דער האָפענונג אויף זיג,
האָב איך געבעטן ער זאָל בענטשן מיך,
און אים פון אָנהויב ביז צום סוף דערציילט

מיין פילגערשאַפט; דאָך מיט זיין שוואַכער האַרץ,
אַך, שוין צו שוואַך דעם קאַמף צווישן לייד
און פרייד צו איבערטראָגן, איז ער אויך מיט
אַ שמייכל אויף די ליפּן אויסגעגאַנגען.

**עדמונד:** ס'האָבן דיינע רייד מיך ביז צום האַרץ גערירט,
און ס'וועט מיר אפשר גוטעס טאָן; דערצייל
מיר מער, ס'ווייזט אויס, האָסט מער צו זאָגן.

**אַלבאַני:** אויב בלויז פון ליידן מער, דאַן שווייג;
איך פיל מיין גאַנצער וועזן לייזט זיך אויף,
זיך צוהערנדיק די רייד.

**עדגאַר:** דאָס וואָלט בלויז אויסגעזען אַ לאַנגע צייט
פאַר דעם, וואָס האָט ניט ליב קיין לייד; און בלויז
אַ צולאָג פון אַזעלכע לייד, און אויך
עטוואָס פאַרמערט, וואָלט גאָר געווען אַ שרעק
פאַר אים, און איבער יעדן גרענעץ לייד.
ווען כ'האָב געשריען אויפן קול פון שמערץ
איז צוגעקומען גלייך צו מיר אַ מאַן,
וואָס, ווען ער האָט מיין עלנטקייט דערזען,
האָט תיכף ער דערוויטערט זיך פון מיר;
דאָך, ווען ער האָט גיך אויסגעפונען ווער
דאָס איז געווען, וואָס האָט דאָס אַלץ פאַרטראָגן,
האָט ער מיט זיינע שטאַרקע אָרעמס מיך
אַרומגעהאַלדזט, און אויסגעשריען הויך
אויפן קול, וואָס וואָלט דעם הימל איינגעלייגט;
און צו מיין פאָטער זיך צוגעוואָרפן זיך;
ער האָט די טראַגישסטע געשיכטע אויך
פון ליר און זיך אַליין דערציילט; און אין
די רייד איז ס'קלאָגן זיינס אַזוי געשטיגן,
אַז ס'האָבן זיינע לעבנס-פעדים זיך
גענומען רייסן. ס'האָבן אויסגעשאַלט

צום צווייטן מאָל טראָמפּייטן, און איך האָב
אַזוי אים דאָרט האַלב-לעבעדיק פאַרלאָזן.

**אלבאני:** דאָך ווער איז ער געווען?

**עדגאר:** קענט, דער פאַרשיקטער קענט, מיין האר, אַט-דער,
וואָס האָט פאַרשטעלטערהייט באַגלייט דעם קעניג,
און אים באַדינט געטריי ווי קיין שום שקלאַף.
(אַן אדלמאַן קומט אַריין אין געאייל, מיט אַ בלוטיקן מעסער)

**ריטער:** העלפט, העלפט, אָ, העלפט!

**עדגאר:** וועמען העלפן?

**אלבאני:** נו, זאָג!

**עדגאר:** וואָס מיינט דער בלוטיקער מעסער?

**ריטער:** ער רויכערט נאָך, ער איז נאָך היים!
נאָר וואָס פון האַרץ אַרוים — אָ, זי איז טויט.

**אלבאני:** ווער טויט? נו, רעד!

**ריטער:** הער, אייער פרוי! און איר
שוועסטער איז פון איר פאַרסמט;
זי גיט עס צו אַליין.

**עדמונד:** איך בין פאַרקנסט געווען צוביידע;
מיר וועלן אַלע דריי איצט זיין פאַרהייראַט.

**עדגאר:** דאָ קומט אויך קענט, (קענט טרעט אויף)

**אלבאני:** ברענגט זיי אַהערצו, לעבעדיק צי טויט.
(דער ריטער גייט אַוועק)
די שטראָף פון גאָט וואָס מאַכט אונז ציטערן,
רירט אונזער מיטלייד ניט.. זי שרעקט אונז בלויז.

אָ, איז עס ער? עס איז ניט איצט די צייט
אים אויפצונעמען ווי אים קומט.

קענט: איך קום צו זאָגן אַ „גוטע נאַכט”, מיין האַר
און קעניג שוין אויף אייביק. איז ער ניטאָ?

**אלבאני:** אַזאַ מין וויכטיקע זאַך אַרויס פון זין!
זאָג עדמונד, וואו איז ליר? וואו איז קאַרדעליא?
וואָס זעסטו, קענט, אָט דאָ פאַר זיך?
(עס ווערן אַריינגעבראַכט די קערפּער פון גאָנעריל **און**
רעגאַן)

**קענט:** אוי, וויי, פאַרוואָס איז דאָס אַזוי?

**עדמונד:** ס'איז אמת, עדמונד איז געווען באַליבט!
ס'האָט איינע צוליב מיר דער אַנדערער
פאַרסמט, און דאַן זיך זעלבסט געטויט.

**אלבאני:** עס איז אַזוי. דעקט צו די פּנימער זיי.

**עדמונד:** איך וויל נאָך לעבן; איך וויל גוטס טאָן,
כאָטש ניט אין מיין נאַטור. שיקט גיך — אָ, איילט!
צום שלאָס! ווייל כ'האָב פאַרמשפּט אין באַפעל
דעם קעניג און קאַרדעליא צום טויט.
איך זאָג אייך, שיקט אין צייט.

**אלבאני:** לויפט, לויפט, לויפט!

**עדגאַר:** צו וועמען. האַר? ווער האָט עס דעם באַפעל?
שיקט אים אַ צייכן פון באַגנאַדיקונג!

**עדמונד:** יאָ, איר האָט רעכט, דאָ איז מיין שווערד;
און גיט זי צו דעם קאַפּיטאַן.

**אלבאני:** נו, אייל זיך, אויב דיין לעבן איז דיר ליב!
(עדגאַר גייט אַרויס)

**עדמונד:** זיין ווייב און איך באַפוילן האָבן אים
צו אויפהענגען קאָרדעליאַ אין תפיסה,
און איר בלאַמירן, אַז, צוליב פאַרצווייפלונג
האָט זי דאָס לעבן זיך גענומען.

**אלבאני:** די געטער זאָלן שיצן זיי! (צו די באַדינער)
טראָגט אים אַרויס פון דאַנען!
(עדמונד ווערט אַרויסגעטראָגן)
(עס טרעט אויף ליר און טראָגט קאָרדעליאַ טויט אין זיינע הענט; עדגאַר, קאַפּיטאַן און אַנדערע גייען אים נאָך).

**ליר:** קלאָגט, קלאָגט, קלאָגט, קלאָגט! איר מענטשן זייט פון שטיין!
וואָלט איך די אויגן אייערע און צונגען
פאַרמאָגט, וואָלט מיין געשריי דעם הימל-צעלט
צעשפּאָלטן. זי איז אויף אייביק שוין אַוועק!
איך ווייס ווען איינער לעבט, און ווען ער׳ז טויט;
טויט ווי די ערד איז זי! גיט מיר אַהער
אַ שפּיגעלע; און ווען איר אָטעם וועט
עס מאַכן פייכט אָדער באַפלעקן עס,
דאַן לעבט זי נאָך.

**קענט:** איז דאָס דער סוף פון אַלץ דאָ אויף דער וועלט?

**עדגאַר:** צי גאָר אַ בילד פון יענער שרעק?

**אלבאני:** פאַלט הימלען איין און זאָל זיך ענדיקן אַלץ!

**ליר:** די פעדער רעגט זיך; יאָ, זי לעבט! און אויב
אַזוי, דאַן איז עס גאָר אַ גרויסער גליק,
וואָס וועט פאַרניכטן אַלע ליידן, וואָס
איך האָב אַמאָל געליטן.

**קענט** (קניענדיק): אָ, טייערער האַר!

ליר: איך בעט דיך גיי אוועק!

עדגאר: דאָס איז דער נאָבעלער קענט, אייער פריינט.

ליר: אַ פּלוך אויף אייער קאָפּ, איר מערדער, און
פאַררעטער וואָס איר אַלע זייט! איך וואָלט
איר אפשר אָפּגעראַטעוועט; זי איז
אויף אייביק דאָך אַוועק! קאָרדעליאַ!
קאָרדעליאַ! וואַרט אויף אַ ווייל. אוי!
וואָס זאָגסטו? ס'איז געווען שטענדיק דאָך
איר שטימע זאַפטיק, צאַרט און מילד — אַ זאַך
גאָר טייער ביי דער פרוי. איך האָב דעם קנעכט,
וואָס האָט געהאַנגען דיך, געטויט.

קאַפּיטאַן: מיין האַר, ס'איז אמת, ער האָט עס געטאָן.

ליר (צום קאַפּיטאַן): זאָג, מענטש, האָב איך עס ניט גע־
טאָן?
עס איז געווען אַמאָל אַ צייט, וואָס כ'פלעג
זיי מאַכן שפּרינגען מיט מיין שאַרפער שווערד.
איצט בין איך אַלט און אַלע מיינע ליידן
זיי בויגן מיר מיין קאָפּ אַרונטער. ווער ביסטו? (צו קענט)
די אויגן מיינע דינען מיר ניט גוט;
איך זאָג דעם אמת דיר.

קענט: אויב ס'רימט זיך גליק מיט צוויי: מיט איינעם, וואָס
זי האָט געליבט און איינעם וואָס זי האָט
געהאַסט, דאַן זעען מיר דעם לעצטן דאָ.

ליר: ס'ווערט טונקעלער! ביסט ניט קענט?

קענט: דער זעלבער. כ'בין אייער דינער קענט;
וואו איז אייער דינער קייאוס? *)

*) אונטער אָט דעם נאָמען האָט קענט אַמאָל פאַרשטעלטערהייד געדינט ביי ליר'ן.

ליר: ער איז אַ גוטער יונג, דאָס איז זיכער;
ערט שלאָגן און גאַנץ שנעל. נאָר ער איז טויט און פוילט.

קענט: ניין, טייערער האַר, — דאָס בין איך אַליין,
דער זעלביקער מענטש.

ליר: איך וויל עס זען גענוי. —

קענט: אָט דער, וואָס האָט פון ערשטן אומגליק־טאָג
אייך נאָכגעפאָלגט די פינצטערע טריט.

ליר: נו, זיי געגריסט, ביסט דאָ ווילקאָמען.

קענט: עס איז דאָ קיינער ניט ווילקאָמען!
ס'איז אַלצדינג טריב, און טויט און אָן שום טרייסט!

קענט: אייערע עלטערע טעכטער האָבן ס'לעבן זיך גע־
נומען,
און גאָר פאַרצווייפלטע געשטאָרבן.

ליר: איך גלויב אַזוי.

אלבאני (צו עדגאר): ער ווייסט נישט, וואָס ער זאָגט, עס
לויענט ניט
מיר זאָלן זיך צו אים דערקענען.

עדגאר: יאָ, ס'איז גאָר אומזיסט. (אַ קאַפּיטאַן קומט)

קאַפּיטאַן: עדמונד איז טויט, מיין האַר!

אלבאני: דאָס איז אַ נעבן־זאַך, ס'איז גאָר ניט וויכטיק.
הערט וואָס מיר ווילן, פריינט און ריטער:
מ'דאַרף טאָן נאָר, וואָס מען קען, צו לינדערן
די לייד; און זאָגן זיך פון אַלצדינג אָפּ; —
ווי לאַנג עס לעבט דער אַלטער קעניג נאָך —
צו אים באַלאַנגט די גאַנצע מאַכט.
(צו עדגאר און קענט)
און איר, טרעט אויף אין אייער רעכט, מיט נאָך

א צוגאָב, מערער ווי איר האָט פאַרדינט.
עס זאָלן אַלע פריינט געניסן פון
דעם לוין פון זייער טוגנט, און די פיינט
דעם טייל, לויט זייער ווערט.
אָ, זעט, אָ, זעט!

**ליר:** און טויט איז מיין אומגליקלעך קינד! ניין, ניין,
ניין, קיין שום פונק פון לעבן מער! א הונט,
א פערד, א מויז זאָל לעבן, אָבער דו,
אין גאַנצן גאָר קיין אָטעם נישט? דו וועסט
קיינמאָל, קיינמאָל, קיינמאָל, אין לעבן ניט
שוין קומען מער צו מיר צוריק! איך בעט
אייך, שפּילעט אָפּ אָט דאָ, איך דאַנק אייך הער!
איר זעט זי? קוקט זי אָן! קוקט אָן נאָר דאָ
די ליפּן אירע, קוקט נאָר דאָ, קוקט דאָרט! (ער שטאַרבט)

**עדגאַר:** ער חלשט! מיין לאָרד, מיין לאָרד!

**קענט:** פּלאַץ, האַרץ; איך בעט דיך, פּלאַץ!

**עדגאַר:** קוקט אַרויף, מיין קעניג.

**קענט:** אָ, מוטשעט ניט זיין גייסט. אָ, לאָזט אים אוים-
גיין!
עס האַסט אים דער, וואָס וויל דערלענגערן
זיין לעבן אויף דער דאָזיקער בייזער וועלט.

**עדגאַר:** יע, ער איז ווירקלעך טויט.

**קענט:** דער וואונדער איז, וואָס ערט אַזויפיל נאָך
געקענט פאַרטראָגן; ער איז ניט געווען
די לעצטע צייט אינגאַנצן ער.

**אלבאַני:** טראָגט זיי דאָ אַלעמען פון דאַנען אָפּ!
ווי גרויס ס'איז איצטער אונזער אַלעמענס וויי.
(צו קענט און עדגאַר)

גערליבטסטע פֿרייַנט, הערשט ביידע איר ביינאַנד,
און היילט די וואונדן אויס פֿון אונזער לאַנד.

**קענט:** מיין האַר, איך מוז גאָר גיך פֿון דאַנען גיין;
מיין מייסטער רופֿט, און כ׳מוז ניט זאָגן ניין!

**עדגאַר:** מען מוז דעם יאָך פֿון צייט, דער בייזער, טראָגן;
ניט, וואָס מען מען דאַרף, נאָר וואָס מיר פֿילן, זאָגן.
דעם עלטסטן וועט דער שווערסטער יאָך געגעבן:
מיר יונגע וועלן אַזוי לאַנג ניט לעבן.
(אַלע גייען אַוועק אונטער דער מוזיק פֿון אַ טרויער־מאַרש).

(ס ו ף)

# אויסצוגן פון אייניקע אַרטיקלען און רעצענזיעס וועגן דר. א. אייסענס איבערזעצונגען

איצט זייַנען שעקספּירס סאָנעטן דערשינען אין אַ יידישער איבערזעצונג פון אונדזער באַקאַנטן איבערזעצער, דר. אַברהם אייסען. איבערזעצן אַ סאָנעט, איבערהויפּט שעקספּירס, איז גאָרניט פון די לייכטע אונטערנעמונגען, ווייל בעת ביי אַ געוויינלעך ליד קאָן זיך דער איבערזעצער דערלויבן פרייהייטן און אפילו צוגעבן אַ שורה, קאָן מען זיך ביי אַ סאָנעט ניט דערלויבן אַזעלכע פרייהייטן. עס מוז זיין אַקוראַט 14 שורות... און אייסען האָט אונדז געגעבן אַן איבערזעצונג, וואָס מען קאָן פאַררעכענען צווישן די בעסטע איבערזעצונגען פון שעקספּירס סאָנעטן אין וועלכער ס'איז שפּראַך. ס'איז געבליבן די קאָנדענסירטקייט און אַנגעלאָדנקייט פון שעקספּירס פערז — און דאָס איז אַ סך מער ווי סתם איבערזעצן ווערטער.

א. אַלמי

●

אַזעלכע איבערזעצונגען ווי א. אייסענ'ס זייַנען אַ טייל פון פּאָפּולערן בילדונג-פּראָגראַם ביי יעדער פאָלק. מיט אייסענ'ס אויסטייטשונגען זייַנען שעקספּיר'ס סאָנעטן מער נישט קיין פאַרשלאָסן בוך. אַן איבערזעצונג פון שעקספּיר'ס סאָנעטן איז אַ ריזיקע און ריזיקאַלישע אַרבעט און ס'איז צו באַוואונדערן יעדער איינעם, וואָס נעמט זיך דערצו. שוין די אונטערנעמונג אַליין שמעקט מיט געוואַגטקייט. מען דאַרף זיין גאָר אַ גרויסער וואָרט-מפונק, כדי נישט אַריינצופלאַכן שעקספּירס סאָנעט.

דערפאַר פאַרדינט דר. א. אייסען אַ סך אָנערקענונג פאַר זיין ווילן אַריינצוברענגען אַלע 154 סאָנעטן אין יידיש.

יעקב גלאַטשטיין

●

דר. א. אייסענ'ס איבערזעצונגען צייכענען זיך אויס מיט דער רייכקייט פון שפּראַך און מיט זיין קענטעניש אַרויסצופילן אַלע דינסטע און פאַרהוילענסטע ניואַנסן וואָס וויברירן אין אונדזער יידיש.

יעקב גאָטליב (קאָוונע)

●

דר. א. אייסענ'ס איבערזעצונג איז פּשוט און איינפאַך, דיכטעריש און גלאַט. עס איז זיכער אַ גרויסער געווינס פאַר אונדזער וואַקסנדיקער ליטעראַטור, וועלכע דאַרף באַרייכערט ווערן מיט פאַרשיידענע און אַלזייטיקע דיכטערישע שטראָמען.

ב. גראָבאַרד

דר. אייסענ׳ס איבערזעצונגען זיינען קאָרעקט און פּונקטלעך. ער טוט אַ וויכטיקע אַרבעט און ער מאַכט זי אַזוי שלמות׳דיק וויפל נאָר בכּוח. זאָל ער ווייטער טאָן זיין אומשעצבאַרע, נוציקע און שעפע־רישע (יאָ, יאָ!) אַרבעט פאַר דער יידישער ליטעראַטור.

א. י. זאַקוסקי (אַרגענטינע)

•

דר. אייסענ׳ס אַרבעט איז אַ געוואַלטיק וויכטיקע און שווערע. דאָס איבערטראָגן וויליאַם שעקספּיר׳ס קאָמפּליצירטן און ראַפינירטן סאָנעט אין יידיש איז בלויז איין ביישפּיל פון זיין מיפולער אַרבעט איבער זיינע איבערזעצונגען.

מיר דאַכט, אַז אויך וויפיל אַן איבערזעצונג קען אָנהויכן די שטי־מונג, די אַטמאָספערע, די דראַמאַ פון דעם קינסטלער־שעפער, איז עס דר. אַברהם אייסען, דעם אומדערמידלעכן אַרבעטער איבער דער וועלט־פּאָעזיע, באַזונדערס איבערזעצנדיק פליסיק די קלאַסיש־ענגלישע פּאָעזיע, געלונגען; און דאָס איז צו זיין קרעדיט — זיין קאָמפּלימענט...

ש. טעניגבוים

•

דר. אייסען איז, ווי אַן איבערזעצער פון דער ענגלישער פּאָעזיע, באַלד אַן אינסטיטוציע. — — — ער איז דער גרויסער ליבהאָבער פון דער פּאָעזיע. ער איז אַ פּאָליגאַמישער ליבהאָבער: ער האָט ליב אַלצדינג וואָס דאַרף טאַקע געליבט ווערן. פאַר אים איז די פּאָעזיע אַ קייט פון פאַרשיידענע פּאַנאָראַמעס, אין וועלכע ער געפינט אַוואַנטיורע, געניוס, באַגייסטערונג און אויסלעב. ער איז אַן איבערזעצער פון באַרוף, טאַקע געבענטשט מיט ליבשאַפט און וואַרעמקייט צו דער אַרבעט, וואָס ער טוט.

מרדכי יפה

•

די איבערזעצונג פון דר. א. אייסענ׳ס „אירלענדישע מעלאָדיעס" פון טהאָמאַס מאָר זוייזט אַרויס די זעלבע פּאָעטישע קראַפט, דעם זעלבן טיפן פאַרשטיין די נשמה פון דעם דיכטער, ווי דר. אייסען האָט אַרויס־געוויזן אין זיינע פריערדיקע איבערזעצונגען. דר. אייסענ׳ען איז געלונ־גען נישט נאָר איבערזעצן די ווערטער און געדאַנקען פון דעם אָריגינאַל, נאָר אויך איבערגעבן אין דער יידישער שפּראַך דאָס סאַמע גרויסקייט און די נשמה פון דעם אָריגינאַל.

(פון ענגליש)

דר. ישראל ה. לעווינטהאַל

•

איינער פון די פרומע, שטילע און גוטע ביישטייערער צו אונזער ליטעראַטור איז דר. אייסען; ער האָט זיך פאַרנומען צו איבערזעצן אין יידיש דאָס בעסטע און דאָס שענסטע פון דער גרויסער ענגלישער ליטעראַטור.

טוט ער עס שטיל, אָבער מיט גרויס התמדה, טוט ער עס באַשיידן, אָבער מיט ריירנדיקער איבערגעבנקייט. ער טוט עס מיט ליבע און וואָס ווייטער טוט ער עס בעסער און שלמותדיקער.

דר. א. מוקדוני

•

דר. א. אייסענ'ס איבערזעצונג לייענט זיך פליסיק און מאַכט אַ גוטן איינדרוק; ער קען זיך האַלטן נאָענט צום אָריגינאַל און דאָך זיך אויסדריקן אין אַ שיינעם יידיש. אייסענ'ס איבערזעצונג פאַרמאָגט אַזוינע שטעלן וואָס האָבן זיך כּלל נישט צו שעמען פאַרן אָריגינאַל.

קלמן מרמר

•

דר. א. אייסען האָט די שווערע און ניט-דאַנקבאַרע קונסט פון איבערזעצן געמאַכט פאַר זיין ליטעראַרישן לעבנס-אויפגאַבע. זיין אַמביציע איז — באַקענען דעם יידישן לייענער מיט דער ענגלישער פּאָעזיע. ניט מיט דער אָדער יענער עפּאָכע, ניט מיט אַזאַ אָדער אַנדער ריכטונג, נאָר מיט אַלע עפּאָכעס, מיט אַלע ריכטונגען פונעם פּאָעטישן שאַפן אין ענגליש — די קלאַסישע אַזוי גוט ווי די מאָדערנע. אים מאַכט ניט אויס וואָס פאַר אַ ווערק עס ליגט פאַר אים, שעקספּירס סאָנעטן אָדער דער ענגלישער נוסח פון אָמאַר כאַיאַמס „רובאַיאָט", בייראָנס „יידישע מעלאָדיעס" אָדער טעניסאָנס „ענאָך אָרדען", קאַרל סאַנבורגס אָדער לאָנגפעלאָס פּאָעמע; אים אַרט ניט דער מאָטיוו, דער ריטם, די פאָרם, די סביבה פון אַ ווערק. די פראַגע וואָס אים אינטערעסירט איז: ווי וועט עס קלינגען אין יידיש?

אין א. אייסענס איבערזעצונגען איז דאָ אַרבעט, פלייסיקייט און קענטשאַפט.

ש. ניגער

•

מיט דער איבערזעצונג פון וויליאַם שעקספּירס גאונישע סאָנעטן, האָט א. אייסען אויפגעטאָן אַ געוואַגטע זאַך. צו שעקספּירס סאָנעטן האָט זיך ביז אים, אייסענען, כּמעט קיינער ניט געוואַגט צו נעמען איבערזעצן אין יידיש, אָבער דר. אבֿרהם אייסען איז דער ערשטער, וואָס האָט איבערגעדיכטעט אַלע שעקספּירס סאָנעטן. ס'איז ניט נאָר אַ קונסט, נאָר אויך אַ וואונדער, אַפילו אַ נס! אַלענפאַלס אַ כּבֿוד, אַ דערהויבונג פאַר דער יידישער פּאָעזיע — אויך שעקספּירס סאָנעטן אין יידיש. צו אַ צאָל פון די סאָנעטן האָט דער חשובֿער איבערזעצער, דער דיכטער א. אייסען, געגעבן אין פוס-נאָטעס, דערקלערונגען און פירושים. אַ גרויסע וויכטיקע און ווירדיקע דיכטערישע אַרבעט און שאַפונג, וואָס בדרך כּלל, זיך רעכענענדיק מיטן שווערן קלאַסישן סטיל פון דער סאָנעטע בכלל און פון שעקספּיר צמצומדיקייט בפרט — קאָן מען מיט רעכט באַהויפּטן, אַז די איבערדיכטונג, צי די איבערזעצונג — איז העכסט געלונגען, און דעם ליבן דיכטער דר. אייסען קומט דער שענסטער יישר כּוח!

אברהם רייזען

